# ליניעצקי'ס כתבים

## דאס ערשטע העפט

# דער פריטשעפע

קריטישע סאטירישע און הומאריסטישע
מאמרים און געדיכטע.

אדעסא
בדפוס אולריך עט שולצע.
שנת תרל״ז לפ״ק.

# ЗАПИСКИ ЛИНЕЦКАГО

ПЕВЫЙ ВЫПУСКЪ

# ДЕРЪ ПРИЧЕПЕ

ОДЕССА
Типографія Ульриха и Шульце, Красный переулокъ № 3.
1876.

# אינהאלט






Дозволено цензурою. Одесса, 7 Августа 1876 года.

# במקום הקדמה

## אָדער

## געה שרייב אין אזא שלעכטער צייט!

א־נ־אומקיממעניש בנאָמנות! דער היינטיגער קריזיס האָט אומשטיינסגעזאָגט אַזוי פאַרשלאָגען דעם קאָפּ, אַז מע ווייסט גאָר ניט לחלוטין וואָס צו שרייבען! — עס הייסט, איהר זאָלט חלילה ניט מיינען, אַז ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו שרייבען? חלילה וחס אַדרבה, וואָס דער געלד קריזיס איז שטאַרקער יאָוועט זיך אלץ מעהר שרייבעכצען; איהר זעהט זיך אַליין, אַז דיא וועלט איז יעצט פֿאָל מיט שרייבען און דרוקקען, וויא אָדעסס מיט מייקלערם, אַזוי אַז ס'איז כמעט געוואָרען אַ פאַפּיערענע וועלט: מע האַנדעלט אויף פּאַפּיער, מע באָוועט אויף פּאַפּיער, מע ווערט אָרום און רייך אויף פּאַפּיער, און מע אַרבייט דיא ערד אויף פּאַפּיער! אַודאי איז היינט דיא וועלט אַ פּאַפּיער־פֿאַבריק! פּאַפּיערענע הייזער, פּאַפּירענע גבירים, פּאַפּיערנע געזעלשאַפטען, אַללעס פּאַפּיער! דער חלוק איז נאָר אינ'ם ראַזבאָר פּאַפּיער: דיא קאָהר חזנים זענין פֿון נאָטען־פּאַפּיער, באַנקירס — פֿון שרייב־פּאַפּיער, מחברים פֿון פֿליעס־פּאַפּיער, העברייעשע גאַזעטניקעס — פֿון אשר־יצר־פּאַפּיער, מייקלערס און הייזער נעביך גאָר פֿון פּאַפּיראָס פּאַפּיער... איך מיין, אויב מיר געהען שוין טאַקע ניט יעצט אויף דער פּאַפּיערנער בריק און אָט, אָט וועט זיא אונז

פֿיהרען אין דעם לאַנד, וויא עס פֿליעסט ארץ ישראל יודען מיט אַ סך קבר אבות ! — אחרי כל אלה זעהט איהר זיך, אַז שרייבען איז דאַנקען גאָטט דאָ אַ סך — ניט פֿערזינדיגען זאָלמען — נאָר וואָס דען איז דיא מעשה?— מע ווייסט היינט ניט וועלכס פֿריהר צו שרייבען!— אָט האָב איך, למשל, צו מיין ערשטען העפֿט געוואָלט עפּים אַ שיינעם שיר אָנשרייבען, חלעבען, איך זעה דאָך וויא אַזוי אַללע אונזערע העברייעשע=שרייבער זענין זיך נוהג אין דעם ענין, אַז זייא זאָלען אַפילו לאָפּנען און טריסנען, וועלען זייא ניט אַרוס=לאָזען קיין ספֿר אָהן אַ שיר פֿונפֿאָרענט ! — און וויא דער אֶמת איז ? וויא אַזוי בעזינגט מען ניט אַ ספֿר איידער מע לאָזט עס אויף דער וועלט אַרויס ? — איהר ווייסט דאָך, אַז אַ לשון=קודש ספֿר, איז היינט וויא אַ=נ=אָרימע חתן כלה אין פולין ; ווען דער מאַרשעליק זאָל זייא ניט באַגראַמען, וועט דער עולם קיין דרשה=געשאַנק ניט גיבען. — נאָ מיילא, מוז מען זיך זאָגען אַביסעל גראַמם אויפֿ'ן ספֿר ; אַיי דער מחבר איז גראַדע אויף להכעיס ניט קיין גראַמם=זאָגער ? נאָ בייט ער אַ=נ=אַנדער מאַרשעליק, ער זאָל איהם זיין מיאָסע כלה באַזעצען ; אַ סך זענין דאָ, וואָס נעמען גאָר אומגעבייטען — אָט האָט זיך למשל, טאַקע אין מיין געבורטס=שטאָדט, געיאַוועט גאָר אַ יונג לאָשעקעל טאַבאַטשנע צוויעט, וואָס האָט אין זיך דערפֿיהלט אַ דבוק פֿון ר׳ פנחס בן יאָיר׳ס עזעל און ריהפֿט זיך «מנ״ל» (איהר האָט אַ מאָהל געהערט אַ לאָשעקעל זאָל הייסען מנ״ל ? נאָר הפנים, ווייל מנ״ל מאַכט: מיין נאַרישער לאָשעק; מיילא זאָלט איהר זעהען וויא דאָס לאָשעקעל שפּרינגט אין פֿרעמדען האָבער אריין, עססט זיך איבער וואָס דער מאָגען קען ניט פֿערדייען ביז ער ברעכט אוים צוריק אין דיא 2 שמאַ=טעם=פֿאַבריקאציען «היועץ» און «הצופֿה». (אַז אַ לאָשעק הייסט מנ״ל קען אַ שמאַטע=פֿאַבריק הייסען היועץ, הצופֿה, וכדומה). נישמער וואָס דאַרפֿען מיר רעדען פֿון אַ לאָשעק אַ שרייבער, איך וועל אייך דערצעהלען אַ מחבר׳שע אַפֿערע פֿון דוקא אַ מענשען

אַ שרייבער : פֿאַר אַ יאָהרען האָט איינער פֿון דיא העברייעשע צאַפּעס, וואָס ריהפֿט זיך «ילל"ה» אָנגענומען, פֿאַר 100 רו"ב, אַ זאַקאַז בייא איינעם ג"נ, ער זאָל פֿון זיינעט וועגען אָנקאָווען אַ ספֿר.— מיילא ביים ה' ג"נ וואָלט ניט אויסגעמאַכט, וואָס דער ה' ילל"ה וואָלט ניט אָנגעמאַכט — אַביא אויפֿ'ן ספֿר זאָל שטעהן דער נאָמען «ג"נ» וואָרען וואָס מאַכט דען אוים ביים קאָמאַקיווקער רענדאַר אַז מע איז איהם מכבד מיט אַ פסוק פֿון אתה הראת אין ברוך אל עליון ? — אַביא דער חזן האָט אויף אַ קול אויסגערופֿען «אלוף התורני ר' זאלקע ב"ר טודרוס, הרענדאַר מקאָסאָקיווקע, מכבד מיט'ן גרויסען, לאַנגען פסוק «הגדגדה» !» נאָר אַזוי וויא אונזער ילל"ה איז אָבער בטבע אַ העברייעשער מאַרשעליק, איז איהם געפֿעללען צומאַכען, נאָכ'ן גראָם אַ דראַמאַ פֿון אחשורוש=שפיעל. — נאָר דיא קשיא, וואָס נאָך קען מען אויפֿטיהן פֿאַר נייעס אין אחשורוש=שפיעל, וואָס אַללע פּורים שפּיעלער האָבען שון ביז אַהער ניט אויפֿגעטיהן ? אַ דאָ האָט זיך עס מיין ה' ילל"ה גענומען גאָר אויף אַ נייעס שניט ; היינו וואָס ? ער רעדט אוים אויף מרדכי'ן מיט אֶסתר'ן כל הרעות שבעולם, מיט פֿאַלשע נאַרישע אונאָרענטליכע ידעען מיט אַ נייע פּאָליטישע=סיסטעהם פֿון דער אמטשיסלאוועך ישובה אַרוים. — אַ יאָ גאָר אַ נייער שניט ? ! חלעבען, וועלכען יודישען אונ קריסטליכען שרייבער איז דאָס גאָר אַנגעפֿאַללען — מימי המגלה ביז היינט צו רעדען אויף מרדכי מיט אֶסתר'ן ? — חלעבען, קער זיך עפּעס אָן צייטגייסט מיט רעדען אויף מרדכי'ן ? אָקוראַט וויא עס קער זיך אָן — דער אַקציזנע נאַדזיר טעל זאָל פֿרייגען דעם סקלאַדטשיק אויף אַ פּאַסס — מיר דאַכט, אַז אַ סך מעהר שייכות קען שוין האָבען דיא פּראָטענזיע וואָס איין אַרחיטעקטאָר זאָל האָבען צו דער משנה פֿון «ערוגה של ששה טפּחים» (חאָטש ער איז דאָך קיין זעמליעמער) איידער דיא פּראָטענזיע פֿון אַ אַפּיקורסישען מחבר צו מרדכי'ן (חאָטש ער זאָל אַפּילו אויך זיין אַ שני למלך, טאַקע אין שוש

הבירה). נישמער וויהין שטופט אַ ליטוואַק ניט דיא צונג ?...
נאָר הערט אויס דעם סוף: אַז ה' ילל"ה האָט שוין אָפּגעקאָוועט
זיין פורים=שפיעל — האָט ער ערשט ביים ה' ג"ג געחאַפּט אַ
נייעם כ"ף האָ"ר, אַז ער זאָל שוין, טאַקע אין איין וועגם מאַכען
אַ שיר אויפ'ן ספר. (שוין טאַקע אויף ילל"ה'ס נאָמען). אַ דאָ
האָט זיך עס אונזער פּאָדראַטשיק צופלאַקאַקערט אין אַ שיר, וועגען דער וויסטער אלמנה, דיא שפה העבריה, אונ וועגען דעם
ספר, מיט שירות ותשבחות, ברכות והודהות (אויף זיין אייגען
ספר. . .) אַז ער ווערט פשוט שיר צוגאָסען פאַר פרייר (אַ יאָ
וואול ! . . .) אונ נאָך דיא אַלע געלטען, וואָס ער האָט אויסגעצאַפּט ביים ה' ג"ג — האָט ער ערשט איטליכען בסוד דערצעהלט
אַז דאָס ספר איז זיינ ס! (אַ יאָ אָרענטליך !) חלעבען, וויא
דען? — דאַרף דיא וועלט אַרומגעהען אין טעות, אונ מיינען, אַז
דיא פורים שפיעל איז דעם ה' ג"ג'ס, (אַזוי וויא מע מיינט עד
היום, אַז דיא צאַצקעס מיט דיא קוויטען זענין דעם ה' אג"ף'ס. . .)
אַמער לאָז דיא וועל'ט זיך ניט נאַרען, וואָרען צו וואָסערע בזיונות
וואָלט נעביך ה' ג"ג געקומען, מע זאָל חלילה איהם אַליין — אַלס
בודטאָ=מחבר — אַ פרייג טוהן אַ שטיקעל' ערקלערונג טאַקע אין
בודטאָ — זיין ספר ? — אַקוראַט, וויא דער ה' אג"ף בלייבט
שטעהען, אַז מע פרייגט איהם עפּיס פון בודטאָ זיין ספר. —
מיילא ה' אג"ף איז חאָטש אַ זשארגאָניסט—דרייט ער זיך אוים
אויפ'ן אָרט מיט דעם תרוץ: איך האָב פיינד העברייעש אַזוי וויא
חזיר ! — אָבער ה' ג"ג ווייזט נעביך אוים אַ תם, אַ יונגער מאַן,
וואָס האָט נעביך אָרענטליך באַצאָהלט פאַר הייסען «מחבר» ! —
ער וואָלט זיך נעביך מיט קיין תרוצים ניט אויסגעדרייט; לכן
איז אָ סך גלייכער, וואָס ילל"ה האָט בעצייטענס אויסגעפּויקט
דעם ליטווישען אמת, אַז ער איז דער מחבר פון דער פורים שפיעל,
עם הייסט, ער איז מרדכי'ס מסור ! נאָ, נאָ בייא איהם בלייב עס !..
נישמער ניט דאָס בין איך דאָך אויסען — איך שמיעס דאָך דערפון,

אַז איך האָב אויך געוואָלט געהען ב ע ק ב י־ה צ א ן. און מאַכען אַ שיר פֿאַר מיין פּרעטשעפּע. — האָב איך זיך אָבער צוריק בע־רעכענט: פֿון וועמעס וועגען זאָל איך איצט זינגען? מיילא דיא העברייעשע צאַפּעס האָבען זיך שוין זייער קאַטערינקא — דיא שׂפה העבריה — אויף וועלכער, דער ווינט און דער לאַכט דער זינגט און דער קלינגט. — אָביא זייא דרעהן זיא אָן, גראַמט זיך שוין... אָבער איך בידנע זשאַרגאָניסט, אַז איך טראָג זיך ניט אַרום מיט דער אָנגעדרעהטער קאַטערינקע — איך, אַז איך וועלל פּלוידערן אַפֿילו נאָר אַ טויזענט חלק וואָס אַ העברייעשער צאַפּ, וועט מען זיך מיך אַנשלינגען! קאַרג סטיגוטערס האָב איך געהאַט אויף מיין ישראליק׳ן, עליו השלום, (וואָס ער האָט זיך טאַקע יאָ באמת אין איין נומער אָפּגעפּלוידערט דאָס, וואָס דיא העב־רייעשע גאַזעטניקעס פּלוידערען צעהנער יאָהרען...) און פֿאַר וואָס? טאַקע נאָר דערפֿאַר, ווייל ער האָט גערעט זשאַרגאָן, און זשאַרגאָן האָט נעביך ניט דאָס גליק אָפּצוקאַטערינקען אַכצענ־טויזענט פּיסטע אויסגעבלאָזענע פֿראַזען, וויא דאָס העברייעש! — דאָרט ווערט דער לעזער פֿאַרטויבט פֿינ׳ם קלאַנג אלליין; פֿון «להודות, להלל, לשבח, לפאר, לרומם, להדר, לנצח, לברך, לעלה ולקלם» ווערט ער שוין שכור — און דאָ זאָג איהם אַשטייגער: צולויבען, צולויבען, צולויבען, צו־יהמען, צו דערהייבען, צובע־שיינען, צושטייגען, צובענטשען, צו אויפֿברייינגען און צולויבען (דיא ערשטע 3 לויבענישען זענין קאַרג...) וועט ער דיר באַלד זאָגען מיט עזות: נייען, ברידער, דאָס איז ו י א מ ר!... נאָ היינט געה מאַך שירים איז אַזאַ אומגליקליכער שפּראַכע! — צווייטענס ווייסען גראַמט זיך היינטיגע צייט און וואָס גראַמט זיך? — אַ מאָהל פֿלעג זיך גראַמען עושר מיט יושר. — חלפֿנים מיט מזומנים. — פּריץ מיט ארץ. — בעל הבית מיט מעות. — צדיק מיט ספּאָדעק. — חסיד מיט עתיד (עולה״ב). — סוחר מיט קונה ומוכר. — דין און מורה מיט דין תורה. — רעדאַקטער מיט

חאַראַקטער. — ברויט מיט קרויט און וועלט מיט געלט! — היינט אומשטיינסגעזאָגט איז גאָר אין דער מאָדע אַריין הערשעל אָסטראָפּאָליערס גראַם: לעמבערג מיט ישקני! אַיי סע גראַמט זיך ניט — נאָ געה לאָד איהם! נאַ דיר גאָר אזאַ מין מאָדע גראַם: עושר מיט דלות. — פריץ מיט זעמעלנע באַנק, סוחר מיט שעפּיטיניק. — בעל הבית מיט דוואָרניק — גיטער יוד מיט אינקוויזיטאָר און חסיד מיט יעזואיט. .. עס איז אַפילו יאָ דאָ עטליכע גראַמען, וועלכע געהען היינטיגע צייט שטאַרק אין דער מאָדע, אַשטייגער: באַנקיער מיט פּאַפּיער. — חלפן מיט דלפן; — אַריסטאָקראָט מיט קאָמפּאָט; — רעדאַקטער מיט פאָקטער. — שרייבער מיט בערענטרייבער. — סטראָחאָוואָי אַגענט מיט גע-וואַלד «סע ברענט!». — קאָממיססיאָנער מיט סוכה שער. — הערץ מיט שמערץ און ברויט מיט טויט. .. נאָר היינט האָט דער לעזער ליעב נאָר נייע, אָרגינאַל — ידעען — און דיא אַללע גראַממען זענין שוין איין איבערזעטץ. — למשל: באַנקיער איז איבערזעטצט פון פּראַצענטניק. — אַריסטאָקראַט — פון פּאָלים-טראַנט. — רעדאַקטער — פון שאַלאַטען שמש. — שרייבער — פון מוכר ספרים'ניק. — חלפן — פון טאָרבעטראָסניק. — אַ-גענט—פון משולח. — קאָממיססיאָנער—פון בראָדער שתדל'ר; און הערץ מיט ברויט, הגם זייא זענין אַפילו אָריגינאַל, נאָר שוין אָבער זעהער אַלט! אַזוי אַלט, אַז זייא זענין שוין גאָר זעל-לטען זעלטען בייא עמיצען צוקריגין! ... דער וואַלד-הענדלער למשל, וואָלט שוין יאַקאָם אָפּשר אַריין געלאָזט צו זיך אין שטוב איין קבצן איבער 1000 זיך אָנוואַרמען — האָט ער אָבער קיין הארץ ניט צוצוזעהען דעם שלעפּערס ציטערען. — דער בעל-טאַקסע, וואָלט אָפּשר פאַרקויפט דעם הונדערטסטען קבצן אַ רעכט פונט פלייש אויף פסח — האָט ער אָבער קיין הארץ ניט צוצו-זעהען, וויא ער וועט זיך קאָליע מאַכען דעם מאָגען. .. — דער דזשענטעלמענן וואָלט שוין יאַקאָם אָפּשר אָפּגעשטאַנען פון דער

צעהנטער אשת איש — האָט ער אָבער קיין האָרץ ניט אָפּצוזאָגן אַ פֿרויענצימער! — דער שקאָנטיסט וואָלט שוין אֶפּשר אָנטליגען דעם אָפּגעקימענעם בעל הבית (פֿון וועלכען ער אַליין האָט תל געמאַכט מיט זיינע קאַטערזשנא פּראָצענטען) אַ קערבעל אויף זיין יום טוב'דיגער קאָפּאָטע—האָט ער זיך אָבער קיין הערץ ניט איהם צוזעהן יו"ט אין שיהל אין זיין וואָכעדיגער בורקע.— דער רבי וואָלט שוין אֶפּשר אָפּגעזאָגט איינער פֿון 1000 עקרות אין איהר בקשה — האָט ער אָבער קיין האָרץ ניט, זיא אַראָפּצושלאָגען פֿון איהר בטחון!... בייא איינינע איז עפּיס יאָ דאָ צו שטיקליך האַרץ; איז דאָס אָבער אַזוי שוואַך, אַז סע קען נעביך קיין פֿרעמדע צרות ניט פֿאַרטראָגען. «איך וואָלט איהם שוין געגעבען עפּיס אויף מעות חטים — זאָגט אַ גביר — נאָר ער איז אָבער אַזאַ איינגעגעסענער קבצן, אַז דאָס האַרץ פֿאַרטראָגט מיר גאָר ניט איהם צו געבען! —» בייא אַנדערע איז דאָס האַרץ געשוואָלען. «אוי—זאָגט ער—איך האָב שוין אַ געשוואָלען האַרץ אַלץ אָפּצוזאָגען אָט דיא שלעפּערס!» בייא איינעם איז דאָס גאָר צו הייס, שרייט ער אין איין קול «איך קאָן זיך אין דעם זלינדנישען קבצן גאָר דאָס האַרץ ניט קיהעלען! —» בייא איינעם איז שוין גאָר דאָ צי אַ סך הערץ, אַז סע איז איהם שוין אַזש שווער בייא זיך צוהאַלטען; זאָגט ער «איך וועלל היינט אָט דעם אָפּגעריסענעם שלעפּער מיין שווער האַרץ אויסלאָזען!..

הכלל, וויא מע קריעגט שוין יאָ היינט עפּיס אַ שטיקעל האַרץ, איז דאָס נאָר אַ שלאַף האַרץ, אַ געשוואָלען האַרץ, אַ הייס האַרץ, אַ שווער האַרץ, אַ געבראָכען האַרץ וכדומה. און צום אֶמת, וואָס קען מען זייא דאָ נעביך שולדיג מאַכען, אַז זייא האָבען נעביך פֿאָרט בטבע שוואַכע, געשוואָלענע, הייסע, שווערע, צעבראָכענע הערצער! — ואה ראיה; אַז צו זיך אַליין זענין זייא נעביך אויך אַזוי פֿאַלל מיט דיא אַלע האַרץ ווייטיגען — ניט נאָר צום אָרימאַן — אָט שרייט ער זיך נעביך, דער אומגליקליכער גביר;

«איך האָב זעהער אַ שוואַך האַרץ, מוז איך פֿערשווענדען טוי=
זענטער אויף גרויסע שיינע סאלאנען, אויף חוטערעס אונ דאַטשעס,
אויף ביידער אונ לוסטרייזען וכדומה!...» — «איך נעביך —
שרייט דער צווייטער אומגליקליכער נגיד — האָב אַ געשוואָלען
האַרץ, וואָס איך טור קיין איבריג וואָרט ניט רעדען, מוז איך
אויסברייננגען טויזענטער אויף משרתים, דיענסטען, קוטשערעס,
שווייצאַרען, לאָקייען אונ פֿערד, אַז אַלעס זאָל נאָר אויפֿן ווינק
מיר שטעהן צום דיענסט כדי איך זאָל פֿאַרשפּאָרען רעדען!...—»
«אונ איך — זאָגט דער דריטער אומגליקליכער מיליאָנער —
בין נעביך אַ פֿאָלל=בליטיגער, האָב איך זעהער אַ הייס האַרץ ר״ל;
מוז איך וואַרפֿען מיט טויזענטער אויף מעטרעסען, קאָקעטקעס,
אַקטריסעס, אַרטיסטקעס אונ גלאַט שיינע ווייבליך אונ מיידליך.—»
«נאָ, אונ איך — זאָגט דער פֿערטער אומגליקליכער אַדיר — האָב
נעביך אַ געבראָכען האַרץ פֿון אומכבוד, וואָס איך האָב פֿון אַלע
זייטען איבער מיינע חטאות נעורים; מוז איך זיך אַוודאי שאָס=
טען מיט טויזענטער פּאָזשערטוואָוואַניעס אויף סטרויען אָ קלוב, אַ
טעהאַטער־הויז, אַ מוזעהם; אויף פֿלאַנצען בוימער אין בולוואַר,
אויף אַ פֿראַנצאָזישער טרופע, אויף אַ צירק, אויף אָטלעסנע זאַ=
נאָוועסען צו דיזע ווייבערשע גראַטעס אין קאָהר שיהל וכדומה»
«אוי איז אונז נעביך — שרייען אַ סך אומגליקליכע רייכע אַריס=
טאָקראַטען — אונ מיר געהען נעביך טאָג אונ נאַכט אַרום מיט
שווערע הערצער פֿון רחמנות אונ באַרימהערציקייט; מוזען מיר
זיך אַוודאי אונ אַוודאי פֿאַרלעגען צעהנטויזענטער אויף פֿערשיעדע=
נע רחמנות=געזעלשאַפֿטען, וויא למשל; אויף צער בעלי חיים גע=
זעלשאַפֿט, אויף צערשטרייאונגס=געזעלשאַפֿטען, צב״ש: טאַנץ=
וועטשערס, מאָסקאָראַד נעכט, פֿייערווערג, ספעקטאַקלען, אויף
קונסט=געזעלשאָפֿטען, אויף עקספּידיציען קאָמיסיעס וכדומה!...»
נאָ, וואָס האָט מען נעביך צו זייא? — מע זעהט זיך בעשיינ=
פערליך, וויא זוייט זייא פלאַגען זיך נעביך פֿאַר זיך אַליין אונ

פֿאַר דעם אַ ל ג ע מ י י נ ע ם װ אָ ה ל איבער זייערע האַרץ װײטיגען; נאָ װײזשע קען מען נאָך פֿון זייא פֿאַרלאַנגען, אַז מיט אַזוינע שוואַכע געשוואָלענע,, הייסע, שווערע, צובראָכענע הערצער זאָלען זיי נאָך אין זינען האָבען לאַקאָטקעס אויך; וויא למשל: אָרימע לייט גיבען ברויט; אונבעמיטטעלטע קראַנקע אַריינגעממען אין הקדש; פֿאַרפֿרוירענע — גיבען הייצונג; ביטערע יתומים לערנען אַ מלאכה; בידנע אַרבייטורער בעפֿריעדיגען פֿאַר זעהער טרוד, אומגליקליכע פֿערפֿאַלענע אַרויסצופֿיהרען אויף אַ וועג, אונ נאָך אַזעלכע טויזענטער איבריגע זאַכען, וואָס זייא קריכען היינט, בייא דער שלעכטער צייט, אַפֿילו ניט אין דער לינקער פיאַטע אַריין..

אונ אַז מע טוהט עס — טוהט מען עס גלאַט לפנים משורת הדין!..

מיילא האָבען מיר שוין אָפגערעדט, אַז פֿינ׳ם וואָרט האַרץ איז היינט קיין רעדע ניט — יעצט געהען מיר צום וואָרט ברויט; נאָ דערפֿון איז זיך אודאי ניטאָ וואָס שטיעסען היינטיגע צייטען! האַרץ יאָק האַרץ, אָבער ברויט איז זיך אודאי היינט בייא קיינעם ניטאָ! — אַיי מטייטש, עפּיס שטעהען זיך לאָפעטניקעס אין אַלע אָדעסער מאַגאַזינעס אונ מאַכען עפּיס מיט לאָפעטעס אין ווייץ?— עט! דאָס איז אינגאַנצען אחוזת עינים! — קוקט אייך נאָר גוט צו: דאָס איז ניט קיין ווייץ — דאָס וואַרפֿען זייא ציפֿערם אויף דיא לאָפעטעס! — אַיי פֿאַר וואָס ווייזט עס אוים וויא ווייץ?— מחמת דיא ציפֿערם זענין לויטער נולען —0— אויף יעדען טשעט=ווערט ווייץ, האָבען 10 האָנד אַליץ מוסיף געוועהן אַ צ י פֿ ר ע; דער בויער האָט איהם אָוועקגעגעבען דעם שיינקער אויף ציפֿרעם — דער שיינקער דעם סקלאַדטשיק — אויף מעהר אַ ציפֿרע. — דער סקלאַדטשיק — דעם קאַנטאָר=אָגענט אויף מעהר אַ ציפֿרע. — דער קאַנטאָר אָגענט — דעם אויפֿקויפֿער אויף מעהר. — דער אויפֿ=קויפֿער — דעם גרוזיטעל אויף מעהר. — דער גרוזיטעל — דעם דוויגאַטעל אויף מעהר. — דער דוויגאַטעל — דעם קאַנטאָר אויף מעהר. — דער קאַנטאָר — דער באַנק אויף נאָך מעהר. — ענד=

ליך האָט דיא באַנק אויך געמיינט אָפגיבען פּאבליטשנעם טאָר=
גאָם נאָך אויף מעהר ; האָט זיא אָבער געזעהען, אַז דיא אַללע
פּריהריגע קנייטעל=צי פּערס, האָבען שוין אַזוי פאַרשאָטען און אַיינ=
געשלונגען דעם ווייץ, אַזוי וויא אַלע אונזערע מפרשים, גאונים,
אחרונים, פּוסקים שאלות=תשובות׳ניקעת, רבנים און דינים האָבען
אַנגעשלונגען דאָס קליינע תורה׳לע - און ס׳איז פּינ׳ם ווייץ אַ נולל אינ=
גאַנצען געבליבען האָט זיא געדונגען לאָפּעטניקעס, זייא זאָלען אי=
בערוואַרפען דיא נולען, בכדי זיא זאָל וויסען, מיט וויפיעל מאָהל
גאָרניט שטייט זיא דערונטער ! . . . אַיי וואָס ? ס׳איז דאָך דאָ
חברות ; לחם אביונים, פת לאורחים, מעות חטים, קמחא דפסהא,
איז דאָך נאָך הפנים יאָ דאָ בייא עמיצען ברויט ? ? ניין ברידער !
דאָס איז אַלץ חברות אויף צוצונעמען בייא יענעם ברויט—אָבער
ניט אויף צוגעבען ! — מיילא וויא אַזוי עס איז שוין -- לעת עתה
האָב איך אַייך פאַקטיש באַוויזען, אַז איך האָב קיין שיר אויף
מיין פּראָטשעפּע שוין ניט געקענט שרייבען ! אַ דאָ האָב איך זיך
געפּריוווט חאָטש עפּיש אָנשרייבען אַ בידנע הקדמה׳לע . . . טפוא !
וואָס רעד איך ? איך בין עפּיס היינט פּינ׳ם זינען אַראָפּ ! ציא
איך האָב עפּיס לחלוטין גאָר פאַרלוירען בושה ! וואָס זאָג איך
«הקדמה» ? וועלכער מחבר שרייבט עס היינט אַיין הקדמה ? —
אַללע העברייעשע צאַפּעס שרייבען זיך היינט פאַר זייערע ספרים,
אַז נאָר דיא אַלטע קאָלעדאַטשען פליגען שרייבען הקדמות פאַר
זייערע ספרים, אָבער זייא—פויגלען—דאַרפען גאָר קיין הקדמות
ניט ! — «מיר — זאָגען דיא צאַפּעס — דאַרפען זיך ניט פאַרענט=
ווערען פאַר דיא לעזער, צו וואָס מיר שרייבען אונזערע ספרים !
מיר דאַרפען ניט בעטען דיא קריטיקער, זייא זאָלען ניט אָנפאַ=
לען אויף אונזערע ספרים ! — אדרבה ; מיר בעטען זייא נאָך רחמים,
אַז זייא זאָלען אונז עפּענטליך אויסזאָגען דעם אֶמת ! (אַזוי וויא
אַ מיאָסע מויד ווילל מע זאָלל איהר עפּענטליך אויסזאָגען דעם
אָמת ! ...) און מיר דאַרפען קיינעם ניט דאַנקען און לויבען אין

דער הקדמה, אַזוי וויא דיא אַמאָהליגע אַלטע קאָלעדראַטשען !...»
אַזוי שרייבען היינט דיא העברייעשע צאַפּעס פֿאַר זייערע ספרים,
אונ מיט דעם שרייבען, אַז מע דאַרף היינט ניט אונ סע פּאַסט
היינט ניט קיין הקדמות, שרייבען זייא דערווייל אָפּ אַ 4—5—
6—7 ביז 10 בלעטליך... אַיי וואָס ? דערווייל קומט זיך בייא זייא
אויך אויס איין הקדמה ? וואָרען «מאָמע הייסע פֿאַגע»*) איז זיך,
דאַכט זיך, אויך גערעדט ? — יאָ, טאַקע אֶמת ! אָבער זייא רופען
זיך עס ניט אָן «הקדמה» בייא זייא הייסט עס גאָר «פתח דבר» —
«דבר אל הקורא» — «ראש דבר» — «פתיחה» — «מבוא»
וכדומה ; אַודאי איז דאָס גאָר אַנדערע ווערטער, אָבער ניט מחילה,
איך בעט איבער אייער כבוד — הקדמה !... נאָ מיילא בקצור,
האָב איך זיך אַרויס געחאַפּט מיט אַ מיאָס וואָרט ! איך האָב טאָ=
קע געוואָלט זאָגען, אַז איך האָב זיך געפּריווט שרייבען איין הקד...
טפֿוא ! איך מיין אַ פתח דבר, צי דבר אל הקורא, זאָג איך אייך
דעם אֶמת, אַז איך האָב פּשוט ניט געוואוסט, וואָס צו שרייבען !
וואָרען וואָס זאָל איך אייגענטליך שרייבען דעם לעזער אין מיין
פתח דבר ? — זאָל איך איהם שרייבען, וואָס אין מיין פּריטשעפּע
וועט שטעהען ? האָב איך מורא, אַז ער וועט עס שוין לכתחלה
ניט וועלען נעמען אין דיא הענד אַריין. — וואָרען פֿון דער ווי=
וועסקאָ וועט מען שוין מערקען, וואָס אין קראָם טוהט זיך...
שרייבען איהם, אַז מיין ספר איז גיט אונ נוטצליך ? (אַזוי וויא
דיא היינטיגע העברייעשע צאַפּעס שרייבען) איז זיך דאָס אָבער
אַ ליגען, וואָרען וויא האָט איהר שוין געזעהען אַ גוטען פּרעטשע=

---

*) דיא מעשה פֿון דער מאַמע מיט דיא 3 אַלטע נאַרישע שטומע מיידען,
וויא זיא האָט זייא אָנגעזאָגט ביים אַוועקגאַנג אַז ווען אַ חתן וועט קומען זאָללען
זייא שווייגען, צום סוף וויא ער איז געקומען האָט דיא עלסטע באַלד גערעט אונ
דיא צווייטע האָט איהר געזאָגט «מאַמע הייסע פֿאַגע» אונ דיא דריטע האָט
געזאָגט «אי גאָ פֿאַגע» דערווייל האָבען זייא אַללע 3 גערערט.

פּע? און אַ ל'ינען האָב איך זעהער פיינד, האָטש איך בין גע=
וועזען שותּפות מיט אַ ליגנער! — שרייבען ווידער, אַז איך מיין
נאָר אַ קערבעל? — דאַרויף האָב איך זיך אַ מויל און דער לע=
זער אַ צוגעהאַלטענע קעשענע... בלייבט זיך טאַקע נאָר צושריי=
בען דאָס, וואָס אַלע העברייעשע צאַפּעס שרייבען; היינו: שריי=
בען אַז איך שרייב ניט קיין הקדמה, נאָר אַ פּתח דבר, מיט אַ
ראש דבר! — האָב איך זיך אַייך שוין איין מאָהל געזאָגט, אַז
דער אומגליקליכער זשאַרגאָן קען ניט פלוידערען 4 – 5 בלעטליך,
מיט «מאמע הייסע פאגע»! — «סטייטש! אָט האָסטו זיך שוין
ביז אַהער אָפּגעפּלוידערט, כמעט 6—7 בלעטליך מיט מאמע הייסע
פאגע»!? — אָ פּע! איהר מייגט אַייך שעהמען מיינע ליעבע
לעזער, אַז איהר קענט מיך פרייגען אַזא בעוסאָוועסטנע קשיא! —
וויא הייסט? איך מיין זיך, אַז איך האָב ביז אַהער געזאָגט אַזוי=
נע חכמות, וועלכע ר' דוד'ל טאַלנער, דער חכם מחוכם, וועט זייא
אייביג ניט זאָגען! — צום סוף ריהפט איהר עס אָן, מאמע הייסע
פאגע? — «עט עט ע! — עלי — קצין איז שוין אויך בייא זיך
גענאַרט! אָ פּע! אויף דיר ב־ידער 'האָבען מיר זיך עס
ניט גערעכט! וויא הייכט, דוא זעהסט דען ניט מיט דיינע אויגען,
אַז דאָס וואָס דוא האָסט דאָ ביז אַהער אָנגעשריבען, איז טאַקע
נאָר בחינת פּריטשעפּע? — מיילא דער קליאַטשע'ניק קוקט חאָטש
אויף ברילען, איז אונז אויף איהם קיין חדוש ניט, וואָס ער דער=
זעהט שוין ניט אַ פּאָאר יאָהר זיינע אומגעלומפּערטע שטותים,
וויא אַ «זמירות ישראל» אַ «פרק שורה» אַ אָפּגעקראָכען «יודעל»
וועלכע מיר ברעכען מיט דער גרינער גאַלל ביים ערשטען בלעטעל
איבערלעזען, און ער האַלט זיך שטאָהל און אַייזען, אַז מיט דיא
טערקישע יעלה ויבוא'ס מאַכט ער גליקליך דיא וועלט און בע=
רייכט דיא זשאַרגאָנישע ליטעראַטור!... און פריוו פרייג איהם
«שטייטש גזלן, וועלכען קלאַס יודען טויג דיינע ציגעליגערטע גראַם=
זמירות מיט דיין פרק שורה? צו וואָס פאַר אַ צוועק? — וועלכע

פֿאָלגע ? ציא וואָס פֿאַר אַ פֿערגניגען אַפֿילו, ווערט איינער פֿון אַ מילליאָן לעזער געפֿינען אין דיא 2 אַלטע אַזיאַטישע תחנות, נאָך מיט לשון=קודש — תלמוד'ישע=הערות אונטערגעשלאָגען ? — דער פּראָסטאַק ווייסט זיך ניט וויא אַזוי אַיין וואָרט צום אַנדערען קלייבט זיך. — דער אַריסטאָקראַט וויל עס און ־אַרף עס, אַזוי וויא איך דאַרף אויגען ווערהטיג ! — דער הערליכער יוד ווערט זיך אין דיינע נישט=קשה'דיגע ביכלעך ניט קוקען ובפֿרט אין דיא 2 וואָס אַיין איבערזעטץ אויף זייא, איז באַ איהם טרפֿ'ה וויא חזיר ! דער שטיקעל משכיל קען זיך דיא מעשה אינ'ם העברייעש, וואָזשע דאַרף ער דיין טייטש חמוש ? דיא יודענע וואָס לייענט מוסר עברי טייטש, ווערט זיך אַודאי ניט נעמען אַזא ביכעל אין דער האַנד, וואָס אויפֿ'ן שער שטעהט גאָר עפּיס וויא אַ שטאָגאָלסקי פֿאַמיליע און דאָס ביכעל איז נומערירט מיט ציפֿערם פֿוןביידע זייטען בלעטעל ! — און אַז איינער פֿון אָ מילליאָן זאָלל עס שוין יאָ וועלען לעזען, פֿרייג איך דיך ; ווען ? און וויא לעזט מען עם ? טאָקע שבת בייא זמירות, ווען דער טשולענט=יוד איז שוין אָנגעשפּיגעוועט מיט שלאָף נאָך איידער ער לאָזט אוים דעם דריי פֿון יצוה צור הסדו ? צו מיטוואָך בייאנאַכט זאָל ער זינגען זמירות וויא דער בענדערער רב פֿלייג הבדלה מאַכען מיטוואָך האַלבע נאַכט ? האַ ? — הייגט וויא ? צו אין דער היים פֿאַר'ן שלאָף זאָל ער זינגען זמירות ? צו אין שיהל אויפֿ'ן באַלעמר ? צו אין קלייט אויפֿ'ן פֿייערטאָפ ? צו פסח אויף דער עסעבעט ? צו אָפֿשר גאָר אין ביבלאָטעק אָדער אין קלוב ? האַ ? חלעבען, עפּים אויף זמירות מיט פרק שורה מוז מען זיך האָבען עפּים אַ בעזאָנדערע בעשטימטע צייט און אַ בעשטימט אָרט ! ס'איז דאָך ניט קיין מעשה ביכעל ! . . . הייגט אַז דער יוד ווערט שוין מיט צרות יאָ בעקומען, דיא צייט און דיא יודענע — דאָב אָרט — פֿרעג איך דיך ערשט ; וואָס וועלען זייא דאָרט לעזען ? פֿאַרדריי=טע סוקעוואָטע גראַמען ? טויטע, געלעהמטע פּראַזען ? וואָס ניט סע

האָט בייא זייא אַ שייכות מיט'ן העברייעשען טעקסט, ניט סע האָט בייא זייא אַ אונטערעס פֿאַר זיך זעלבסט ?... הײנט וואָס ווילסטו מיט יודעל'ן ? וואָס קייסטע קלאָטיטא ? וואָס דערצעהלסטו דעם יודען ? — אַז ער איז אַ יוד ? — אַז ער איז געוועזען אַ מאָהל אַ מצרים לאָשעק, דער נאָך אַ חתן פֿאַר דער כלה דער תורה, דער גאָך אַ זיידען איידעמעל, דער נאָך אַ היסטע בעל הבית'ל, דער נאָך אַ=נ=עזות פנים, דער נאָך אַ שלעפּער ? — ווער ווייסט דאָס ניט ? ווער דאַרף דאָס וויסען ? וואָס קומט יעצט דערפֿון אַרויס צו דיא נייע עפּידעמישע קראַנקהייטען ? צו פרנסה ? צו גוטע אָוראַזשייען ? צו קינדער ערציהונג ?... ממה נפשך ; ווילסטו דערצעהלען, אַז דיעַר יוד איז אַמאָל געוועהן אַ וואוילער — טאָ דערצעהל עס פֿאַר קריסטען ; דעם יודען דאַרפֿסטו עס גאָר ניט דערצעהלען ; ער האַלט זיך נאָך עד היום פֿאַר איין וואוילען אין דער וועלט... מיינסטו ווידער דערצעהלען, אַז ער איז הײנט אַ שלעכ־טער — וואָזשע דאַרפֿסטו אָנהייבען אַ מעשה פֿון תרח'ס צייטען? — זאָג איהם פשוט, קורץ אונ שאַרף «יודעל, דוא ביסט הײנט אַ גרויטער שווינדלער, אַ פֿאַנאַטיקער, אַ באַרייסער, אַ קאָטערזשנע פּראָצענטניק, אַ אונזיטטליכער, אַ פּראַהלער, אַ יעזואיט, אַ גאָר־ניט !... וואָס טויג דיר אונטערשיסלעך, מיט חימענעקורעס, מיט הערות פּינ'ים תלמוד, מיט נאַרישע גראַממען, מיט טויטע פֿאַרעלטערטע ידעען ? ובפֿרט, אַז דוא ביסט גאָר ניט פֿעיג צו דעם פֿאַך גראַם ! — אָט האָט ה' גאָלדפֿאַדען שוין געמאַכט אַ פּאָעמאָ מיט איינינע געדיכטע אויף דער טעהמע ; האָט ער עס אין קורצען אונ זעהער פּאָעטיש געַנוג אַרומגערעדט, וואָס מע דאַרף שוין נאָך איהם מעהר ניט, אונ מע האָט שוין מעהר ניט, וואָס צו שרייבען איבער דעם געשטאָרבענעם געגענשטאַנד אונ דוא קייסט אונ גאָלאָטאַגעסט איבער טויזענט מאָהל איין זאַך, אַז סע שלאָגט אַזש אַנקֿסטען צוהערען אַזא מין פּלוידערען ! — » אָט דאָס אַללעס, פריוו פֿרעג איהם, קוקט ער דיך אָן וויא אַ

משוגע׳נעם און שרייט אין איין קול, אַז אַ זווּנס האָט נאָך גאָר קיין ליטעראַטור ניט אַרויסגעגעבען! — מיילא קוקט ער זיך אויף ברילען—אָבער דוא עלי=קצין זאָלסט זיין אַזוי גענאַרט בייא זיך; דאָס האָבען מיר זיך אין לעבען ניט גערעכט! —» — נאָ, נאָ, שאַט רבותים! ווינדערט זיך ניט אַזוי. — דאָס האָב איך טאַקע נאָר געוואָלט אויספּריוועו אַייער געשמאַק: איך זעה, אַז איהר לייענט אין העברייעש בערג ספרים און צייטונג, וואָס זענין פֿאָל מיט «מאַמע הייסע פּאַגע» און איהר פֿאַרדייעט עס, קיין עין הרע, זעהער גוט, און ווינדערט זיך גאָר ניט, וויא מענטשען קענען אַזוי פּיסטעפּאַס אומברחמנות פּלוידערען, און זענען נאָך בייא זיך גענאַרט, אַז זייא ברענגען נוטצען דער וועלט. — האָב איך געמיינט, אַז איהר זיינט טאַקע פּשוט אַזוינע פּוסטע מעלה גרה=ניקעס, וואָס איהר קענט אַייער גאַנץ לעבען מעלה גרה׳ן אַ שמאַטע, און גאָר ניט פֿיהלען וואָס איהר קייט, האָב איך געמיינט, איך וועל אַייך אויך האָדעווען מיט אַזוינע פּאַטראַוועסען! נאָר אַז איך זעה יעצט אַרויס, אַז איהר ווייסט יאָ דעם חלוק פֿון גוטס צו שלעכטס, פֿון פּוסט צו נוטצליך, אַז סע איז יאָ אַזוי—זייטזשע מיר 100 מאָהל מוחל פֿעטער; וואָס הייסט איהר זיך מיר שעהמען? מעגט איהר זיך דאָך טאַקע שעמען אין אַייער ווייטען האַלז אַריין, אַז דיא העברייעשע צאַפּעס קאָרמען אַייך מיט לויטער בולבעס אַזא צייט, שווייגט איהר און קוועלט נאָך פֿון זייא, און אַז אַ בידנע זשאַרגאָניסט האָט אַ מאָהל אַ שטיקעל פּלוידער געטוהן — פֿאַרדרייט איהר שוין דעם פּיסק! — וואָס איז פּאַק? ווייל יענע הייסט שפֿה עבריה? און דיא זשאַרגאָן! — מיר שיינט פֿאַרקערט, ווייל יענע איז הייליג, ווייל אין איהר זענען געשריבען געוואָרען תנ״ך, וואָלט אַ סך אָרענטליכער געוועהן פֿון אַייער זייט, אַז איהר זאָלט דיא אַלע צאַפּעס שפּייען אין פּנים אַריין, פֿאַר וואָס זייא פּלוידערען אַזוי אויף איהר זייערע דומהייטען און פֿאַרשוועכען איהר הייליגטהום! און פֿון זשאַרגאָן, אַלס אַ וואָכדיגע שפּראַך,

וואָלט איהר גאָר ניט געדאַרפֿט פֿאָדערען אַזוי פֿיעל אונ אַזוי ווזיסקאַטעלנע זיין צו איהר!... צום סוף קומט בייא אַייך אויס פונקט דער הפך: אין העברייעשען לעזט איהר אָלע פוסטע, אויסגעבלאָזענע פֿראַזען אונ קוועלט נאָך אָן דערפֿון אונ פֿון זשאַרגאָן פֿאָדערט איהר צוקערלעקעכליך; פע בנאָמנות! דאָס מעגט א י ה ר זיך שעהמען איבער דיא אויערען! — נאָר דיא זאַך איז דאָך פֿערפֿאַלען — איהר פֿאַרדרייט פֿאָרט דעם פיסק אונ ריהפֿט אָן מיין שרייבען «מאמע הייסע פֿאָגע» — אז איך האָב יאָ ביז אהער געפלוידערט, וואָזשע וועלל איך אַייך ווייטער פלוידערין אין מיין פתח דבר? וואָס וועל איך אַייך מישען מיט וויקלען 2 שעה דיא קלאָטשע — אַמעהר ווייז איך אַייך באַלד דעם אֶתרוג מיט'ן לאָך — אונ שאָקעלט זיך שוין אָפּ מיט אַ קערביל! אַ היען אַ הער דערווייל האָב איך קיין פתח דבר'ס אויך ניט געקענט שרייבען!...

אַדאָ איז מיר אַנגעפֿאַלען; פֿאַרוואָס זאָלל איך אויף מיין פריטעשעפּע ניט שרייבען — אַזוי וויא אַלע העברייעשע צאַפּעס — עפּיס אַ ראַאשענדיגען «לכבוד!» איז דאָך, איין מאָהל — בייא יעצטיגער לכבוד־סיסטעהם — אַ לכבוד וועלוולער פֿון אַיין אַפּיקורס. — וואָרען אונזערע גאַנץ גרויסע צאַפּעס זענין זיך דאָך היינט אַזוי נוהג מיט'ן לכבוד: זייא בעשטעלען זיך אַ 50 לכבוד'ן צו פֿינפֿערליך אונ צו דרייערליך (פֿאַר אַזא קלייניגקייט געפֿינען זיך נאָך בעלנים. — ביים יודען איז דאָך אַזא טבע; אַז טייער, דאַרף ער ניט דעם געגענשטאַד — ער מעג איהם אַפֿילו נייטיג זיין וויא אין לעבען, אונ קאָם וואָלוועל — קויפֿט ער, עם מייג זיין אַפֿילו קעבעבע. . . וויפֿיעל טאַטעס לאָזען זייערע קינדער אַרומגעהען בטול, ווייל דער גיטער לעהרער בייט טייערער מיט אַ קערבעל אַ חודש! וויפֿיעל פֿרויען געהען פֿון דער וועלט בייא אַ קינפּעט, ווייל דיא מאַנען זשאָלעווען צוריהפֿען דעם גוטען טייערען דאָקטער! וויפֿיעל טויזענטער פֿערליערט מען אין געשעפֿט, ווייל מע וויל ניט קיין טייערען בוכהאַלטער, קיין טייערען קאַסיער, קיין

טייערען אופּראַוולייעשטשע ! און פּריווט, לאָזט אָפּ אַפילו דעם אַריסטאָקראַט אַ וואָלווילען פּסוק אתה הראת, פּריווט לאָזט אָפּ דעם סולידנע שטאָדט בעל הבית אַ וואָלוולען בילעט אין מאַס־קאַראַד ; דעם וועלטליכען פּאָדראַטשיק אַ וואָלוול׳ע שמירה פּינ׳ם רבין ; דעם ליטווישען קאָמיסיאָנער — אַ וואָלוועל אַטלעסען קאַ־פּאָטקעלע (איך מיין מיט אַ שפּאַלט...) דעם אויפגעקומענעם שניידער אַ וואָלוועל רעמעל ספרים און דעם שונא ישראל אַ וואָלוולען העברייעשען לכבוד — חאָטש זייא דאַרפען דיא אַלע סחורות וויא אויגען וועהטיג «דאָך — זאָגען זייא — פאַר אַזא קלייניקייט לאָז זיך עס וואַלגערען אין בעל הבית׳יש׳קייט!» אַזוי בעשטעלען דיא היינטיגע גרויסע צאַפּעס אַ 50 לכבוד׳ן און דרוקען אָפּ אַלע צו איין ווערק, און בעת מע בינד אָן דאָס ספר הייסט ער דעם אַנבינדער צו יעדען עקזעמפּלאַר איין אַנדער לכבוד צוקלייבען, און צושיקט יעדען צו איין אַנדער זאַקאַשטשיק און חאַפּט אָפּ זיין רח״ש.. אַיי בהמשך הזמן קענען זיך גראַדע צוזאַמען קומען 2 לכבוד׳ניקעס אין איינעם, און זאָלען זיך אָנקוקען, וויא אַ טאַטע מיט אַ זוהן קוקען זיךביידע אָן פאַרווינדערט בייא איין שטיעף מאַמע ? — עט, וואָס מאַכט עס אוים ? איז איהם געבליבען אַ האַלבער כבוד ; אויך גאַנץ גענועג פאַר דריי רו״כ!... נאָ, היינט אַז דער גרויסער העברייעשער צאַפּ אַליין, דער אַלטער גב״א בכבודו ובעצמו, וואָס ער איז אליין דער ער־פינדער פון דער נייער לכבוד־סיסטעהם ; לאָזט אַזוי וואָהלוועל דיא סחורה. — וואָזשע קען איך שוין נעהמען פאַר אַ לכבוד אויף אַ זשאַרגאָנישען פּריטשעפּע ?—צווייטענס האָב איך מיר איבער־לעגט : ווערהמען מאַכט מען היינטיגע צייטען אַ לכבוד ? — מאַ־כען דעם גרויסען גביר — איז וויא שנעלל איך זאָלל מיין פּרע־טשעפּע ניט אָפּדרוקקען ; קען ער אַלץ פריהער אוספּייען אָנצוזע־צען ! וואָזשע וועל איך פּועלין ? — אי דאָס דרייערעל וועט זיין יבש, און דער לכבוד פינ׳ם נייעם קבצן אויף מיין ספר, וועט

ביִיא דיא לעזער אַזא פנים האָבען, אַקוראַט וויא דיא כתובה וואָס אַ מאַנן געפינט ביִיא זיין צווייטען ווייב פון איהר ערשטען מאַנן! אַ יא שטאַרק אָנגעלעגט ביִיא איהם?... מאַכען אַ לכבוד איינעם פון דיא וועלט משכילים? (אַזוי וויא אייניגע העברייעשע צאַפּעס טוהען, גאָר שלא בידועת הלכבוד'ניק) איז לא די ער וועט ניט געבען אַ קאָפּיקע. וואָרען ער איז זיך אויך אַ מחבר! אונ לא די ביִיא זיך אין האַרצען וועט ער שטאַרק צופריעדען זיין דערפון, (וואָרען וועלכער, שוין גאָר פון דיא גרעס־טע יודישע משכילים האָט ניט ליעב אַ חנופה'לע אַפי׳ו אַ מינוט פאַר'ן טויט?...) וועט ער זיך נאָך קלאָגען צווישען לייטען, אַז איהם שטעהט גאָר ניט אָן אַ לכבוד פון אַ עברי טייטש ביכעל; וואָרען אונזערע משכילים אונ אַריסטאָקראַטען קוקען זיך ניט אויף דיא ידעען פון אַ בוך, נאָר אויף דער שפּראַכע, איבערהויפט אויף דער שפה העבריה! — אַיי וואָס? ס'איז דאָך דאָס אייגענע כתב אשורית, דיא אייגענע אותיות מרובעות מיט נקודות, אונ נאָך אֶפשר אין 1000 שטופען בעסער אונ נוטצליכער פון העב־רייעש, אונ לייכטער, פאַרשטענדליכער אונ אויספיהרליכער אַודאי מעהר פון העברייעש, וואָרען וויא האָבען מיר דען דיא מינדעסטע פראַקטישע צוא בעלעהרטע ידעע, וואָס מע זאָל זיא קענען דיי־טליך אונ אויספיהרליך אַרויסגעבען אין העברייעש? מע דרייט זיך אונ מע דרייט זיך וויא אַ וואָרעם אונ צום שפּיץ מוז מען אָנ־קומען צון אַ פרוש פון אַ זשאַרגאָניש וואָרט ציא פון איין אַנ־דער שפּראַכע; נאָר דעם פרוש שטעלען זייא פּאַק אין סקאָפּקעס, אַ מציאה בנאֶמנות! אַודאי איז כדאי צו צאָהלען פאַראַזא צייטונג, וועלכע זיא מוז מיר ערקלערען אַ מינצטען געדאַנק אין 2 צוא אין 3 שפּראַכען, אונ דעמאָלט ערשט, זאָל איך נאָך אַליין ניט אויפפאַסען דעם געדאַנק אין זיין פאַללען זינען! אונ אַז דיא היינטיגע העברייעשע גאַזעטניקעס נעמען דאָס זשאַרגאָן וואָרט אונ יודישען עס פּאַק וויא איין אַלטען גר! נאָ, וואָס דאַרף איך דאָס?

וואָס נוצט מיר ״דאָקטער רובא בבערליען נקרא להיות אויסער אָרדענטליכער פראָפעסאָר בהיוריסטישען פּאַקולטעט דשם» (אין אַ מאמר פון 10 ווערטער זענין 7 געיודעשטע זשאַרגאָן ווערטער!!!) (המגיד שנה 20—15 № ) אָדער «ע״פ הקאָנטראַקט מחויבים למכור הצולאָג בזול וכו׳ ושכר השוחטים מהדומע כו׳ והמטיף יקבל שכורות כאַגענעראַלים האַדיוראַנטים חוץ מהכנסת המעטריקעס» (המגיד דאָרט) אָדער «הגבאים עושים עקאָנאָמיע בהבודזשעט של הקאָריסטען והקאַנטאָר וכו׳ והביהכ״נ נעשה כקאָנסערוואַטאָריום — «(המגיד 14 № שנה 20) נאָ, איז זיך דאַכט זיך אַ סך גלייכער צושרייבען אין דער שפּראַכע, וואָס אַלע פֿאַרשטעהען זיא און זיא דאַרף קיין פּרושים נים האָבען; ניין! דאָס טויג נים אונזערע משכילים! — (נאָר וועגען דיא העברייער און העברייעש וועל איך אי״ה אינ׳ם צווייטען העפט רעדען באריכות). זאָל איך ווידער מאַכען אַ לכבוד דעם טאַטען, דער מאַמען, ברידער, שוועסטער? ווייס איך אַז סע וועט זייא אַ סך מעהר לכבוד זיין, אַז איך וועל זייא קיין לכבוד גאָר נים מאַכען!... דערווייל האָב איך זיך שוין אָפּגעמיטשעט אֶפשר 3 שעה אויפ׳ן זייגער און ס׳איז טאַקע פאָרט ניטאָ וואָס פריהער צו שרייבען! —

נאָר אַזוי וויא היינטיגס יאָהר — בעזאָנדערס היינטיגען פאַר פסח — האָב איך זיך אָנגעהערט זעהער מיט אַ סך קשיות; וויא היען איך בין געגאַנגען האָב איך נאָר געהערט פריגען: וואָס טוהט מען אָהן מצות? — וויא נעמט מען עפּים בודק חמץ צו זיין? — וויפיעל נעמט זיך דער קאָמיטעט מעות חטים?... וויא אַזוי לאָזט מען איהם פסח אין דאָלגאָוואָי? — בייא וועמען צובייטמען אַ פינף און צוואַנציגער? מה נשתנה הלילה הזה כלו מרור? — פאַר וואָס גיט איהר שוין מעהר נים אַרויס אַייער

שראליקען ? — שבכל הפסחן אנו אוכלין הינדיקעס והינדיטשקעס, הפסח הזה איז אַפילו קיין פּיסנע קאַרטאָפּליס ניטאָ ? — תם מה הוא אומר, וואָס טראַכט זיך דער אי״ש ת״ם מיט דיא ליטווישע האָלץ הענדלער ? שלשה מי יודע ; ווער ווייסט וויא מע קריעגט אַ דרייא קערבעלשטיק ? אונ נאָך אַזוינע צעהנער קשיות, האָב איך זיך באַרעכענט ; נאָך אַ מאָהל — קשיות פרייגען איז דאָך אַודאי אַ גרינגע אונ אַ בכבוד׳ע פרנסה ? אֶפשר נאָך גרינגער אונ בכבודער פון אַ דאָמינע מאַכען אין קאָפּע הויז, אונ האָב זיך ענטשלאָסען צושרייבען 4 קשיות, וועלכע מע מעג זייא לעזען בין יושבין ובין מסובין ! אונ אַזאַ טעם וויא דאָס היינטיגע יאָהר האָט וועלען מיינע קשיות אַודאי האָבען אונ אֶפשר נאָך ערגער ! בעסער האָט קיין שיער ניט !...



# דיא פיער קשיות.

## מַה נִשְׁתַּנֶּה הַדּוֹר הַזֶּה מִכָּל הַדּוֹרוֹת שֶׁעָבְרוּ ?



1) שבכל, אין אַלע פריהריגע דורות, ווען דיא מענטשען האָבען 3 מאָהל אַזוי פיעל געלעבט וויא היינט, אונ איטליכס פי צעלע איז אָנגעקומען מיט 1000 מאָהל מעהר מיה אונ האָראָוואַניע וויא היינט, אונ נאָר אויף דיא דעמילדיגע מצות מיט עבירות אַליין האָט מען שוין באַדאַרפט האָבען קרח׳ס עשירות, וואָרען, אַ חוץ, וואָס יעדער יוד האָט דעמאָלט זיין גאַנץ לעבען געטראָגען אויף דיא פלייצעס אַ זאַק מיט תרי״ג מצות אונ

עבירות — האָבען זיך נאָך, פֿון דעם זאַק, בייא איהם תמיד נאָכ־געהאַנגען 613 טאָרבעלעך, אין וועלכע, יעדע מצוה פֿון דיא תרי"ג פֿלייג זיך עקסטרע פלאָדען איהרע חדשים־לבקרים מצוה'ליך, אונ דאָס ווייסט איהר דאָך, אַז פֿון יעדער מצוה האָט דעמאָלט גע־מוזט באַשאַפֿען ווערען אַ מלאך אונ פֿון יעדער עבירה — אַ שד, היינט קענט איהר שוין פֿאַרשטעהן, וואָסער אַ שיינעם גראָשען עס האָט אָפגעקאָסט דיא מצות מיט דיא עבירות, פֿון וועלכע עס איז באַשאַפֿען געוואָרען מלאכים מיט שדים!... היינט האָט מען זיך ערשט באַדאַרפֿט דיא מלאכים האָדאָווען גאָר מיט נייע מעשים טובים, אונ דיא שדים — גאָר מיט נייע עבירות אונ מעשים רעים! צום סוף, נאָך דיא אַלע ביטערע ראַסחאָדען, האָט מען אַ מאָהל געלעבט מיט 2 גולדען־פויליש אַ וואָך אונ ס'איז גאַנץ גענוג געוועזען פֿאַר זייא — היינט, וואָס דאָס לעבען איז קערצער פֿון אַ מוצאי יום כפור'דיגען מעריב, דיא לעבענס־מיטעל זענין אַזוי פֿאַרלייכטערט, אַז כמעט געבראַטענע טויבען פליהען גלייך אין מויל אַריין, מצות אונ עבירות האָט מען עקספעדירט צו דער כותל מערבי אונ דיא מיה איז אַנגעשפאָרט אויף אַ 1000 חלק. — צום סוף פֿאַרלעבט מען קאַפּיטאַלען אונ ס'איז קאַרג דיא גאַנצע וועלט!?...

2) שבכל, אין אַלע פֿריהריגע דורות איז דער נאָמען פֿון יעדען פרעדמעט געוועהן אַ טפל אונ דער פרעדמעט אַ עקר, עס הייסט, מע האָט ניט געזוכט קיין ראַשענדיגע נאָמען צו דער זאַך נאָר דיא זאַך איז געוועהן אַרום אונ אַרום פֿאַראַנטוואָרטליכט דעם נאָמען זיינעם, למשל: דער מורה הוראה האָט טאַקע נאָר געהייסען «רב» נאָר ער איז געוועהן אַ מופלג בתורה. — טאַקע נאָר «חזן» נאָר ער האָט געזונגען וויא דיא וועלט. — טאַקע נאָר «בעל דרשה'ר» נאָר דער עולם פֿלייג צוגאָסען ווערען פֿון זיינע רייד. — טאַקע נאָר «בעל עיסקא» נאָר ער האָט געהאַט פֿולע טאָרבעס מיט מזומנע קלינגערס. — טאַקע נאָר «חכם»

אָבער קלוג וויא דער טאָג. — טאַקע נאָר «סוחר» אָבער ער האָט געהאַט אָקסען, ווייץ, ספירט, וואָהל, צוקער, פּעלל, זעק בהן. — טאַקע נאָר מרחץ; צימעס; דין תורה; ווייב; בייגאַרטעל און נתתי—קבלתי. — נאָר אין מרחץ האָט מען זיך זעהר זיעס אויסגעפּרידעט; דער צימעס איז געוועהן ווייניג און אַ סך; אַ דין תורה פון גערעַלנים מיט מיהלען; אַ ווייב געטרייא מיט'ן גאַנצען לעבען; אַ בייגאַרטעל אָנגעשלאָגען מיט ממון קרח; נתתי־געגיבען, אָבער טאַקע געגיבען און קבלתי־גענומען, אָבער טאַקע גענומען! — היינט שפּיעלט דער ראשענדיגער נאָמען דיא גאַנצע ראָללע און דער פּרעדמעט איז גאָר ניט געשאַפען צו דעם נאָמען; היינט הייסטמען ראַבבינער, קאַנטאָר, באַנקיער, פּריידיגער, אויפגעקלערטער, נעגאָציאַנט, באַד, קאָמפּאָט, פּראָצעס, פרויא, קאַסע־קאַסטען און דעבעט־קרעדיט.—נאָר דער ראַבבינער קען גאָר ניט לערנען. — נאָר גוט קאַדריל טאַנצען. — דער קאַנטאָר קען ניט — ניט נאָר זינגען — נאָר קיין עברי ניט. — דער באַנקיער איז ניט קיין בעל הלואה — ער איז גאָר אַ פאָקוסניק; ער קען לאָזען ציפערס אין דער לופט. — דער פּריידיגער איז ניט קיין בעל דרשה'ר נאָר אַ בני־אדם־האָן ער קוקט אינ'ס פּאַפּיער און ווייסט ניט וואָס ער האָט אָנגעשריבען. — דער אויפגעקלערטער קייט ביכער וויא ארץ־ישראל ציגען קייען באָקסערען. — דער נעגאָציאָנט האָט ניט — ניט נאָר קיין ווייץ און קאָרען — נאָר קיין געלד ניט אויף צו קויפען זיך אַ בילקע — אין באָד פּאַרקיעלט זיך דאָס ווייב און דער מאַנן שוויצט אין דער היים. — דער קאָמפּאָט איז זאָווער און אויפ'ן שפּיץ מעסער. — אַ פּראָצעס פון פּעטש מיט גנבות. — אַ פרויא אַ נאַכטוואַנדלערען (זיא געהט און רעדט און טוהט אויסען שלאָף. . .) אַ קאַסע־קאַסטען אַפילו ניט פולל מיט ציבעלעס. — דעבעט — ניט־גענומען און קרעדיט — ניט־געגיבען. . .

3) שבכל, אין אַללע פריהריגע דורות האָט מען גאָר וועניג

געֶרעדט און אַ סך געטוהן; פֿון דיא 2 ווערטער «מעדאַרף מאַכען» איז שוין טאַקע געמאַכט געוואָרען אַ בקור חולים, אַ תלמוד תורה, אַ פת לאורחים, אַ שיהל, אַ שוללע, אַ ביבליאָטעק, אַ מושב זקנים, אַ בית יתומים וכדומה. — 1 נאָמן מיט 1 רואה בחשבון האָבען געפֿיהרט דיא אַלע וואָהלטאָהטיגע אַנשטאַלטען, און אַלעס איז פֿערזאָרגט געוואָרען אויפֿ'ן אָרענטליכסטען און בעסטען אַרט. — היינט איז אַ סך געֶרעדט און גאָר ניט געטוהן; פֿון דעם איינעם וואָרט «אַנשטאַלט» הייבט מען אָן פלוידערען, שרייבען, דרוקען, פובליקירען, קריטיקירען, אַנאַלייזירען און קאָנטראָלירען 2 יאָהר כסדר, ערשט צולעצט בעשטימט מען אַ זיטצונג — נאָ דאַכט זיך צונד ווייסען שוין אַללע צו וואָס דיא זיטצונג איז בעשטימט? האַ? נאָ, זאָלט איהר זעהען, וויא בייא דער זיטצונג הייבט זיך ערשט אָן פֿראַגען: גאָספאָדאַ! קודם כל מוזען מיר וויסען צו וואָס פֿאַר אַ צוועק האָבען מיר זיך דאָ צוזאַמען געקליבען! ?» (גאָר אַ נייעס!) «גאָספאָדאַ! מיר מוזען וויסען אויף וועלכע קוועלען זאָלען מיר גרונדען דיא אַנשטאַלט!» — «גאָספאָדאַ! פּאָמאָיעמוּ וואָלטען מיר פֿריהר בעדאַרפֿט אַ אוסטאַוו צוזאַמען שטעלען!» אַדאָ הייבט מען אָן איבערנייעס קלויבען טשליענעס, איבערנייעס געפלוידערט, געשריבען, געדרוקט, געפובליקירט, קריטיקירט, אַנאַלייזירט און קאָנטראָלירט ביז צום דריטען יאָהר בעשטימט מען דיא צווייטע זיטצונג — ווייטער דאָס אייגענע, און צום פֿיערטען יאָהר בעשטימט זיך שוין דיא גענעראַל-זיטצונג! — אָ דאָ הייבט מען אָן קלויבען אַ פרעדסיעדאַטעל (מן הסתם אין אַ פֿראַק מיט ווייסע האַנדשאָה מיט אַ גלעקעל! וואָרען וויא זשע דען קען זיין אַ פרעדסיעדאַטעל?...) אַ עקאָנאָם אַ אַדמיניסטראַטאָר, אַ קאַסיער, אַ בוכהאַלטער, אַ קאָנטראָליער, 7 הויפטשלענעס, 13 קאַנדידאַטען און 13 פידקאַנדידאַטען. — אַלעס איז שוין אין אָרדנונג, נאָ מוז מען זיך וועגען דעם שרייבען, דרוקען, פובליקירען, קריטיקירען, אַנאַלייזירען און קאָנטראָליערען!

נאָ וואָזשע הערט זיך שוין מכח דער אַנשטאַלט? — וואָס זאָל זיך הערען? דער אוסטאַוו איז שוין דאָ; דאָס קאָמיטעט איז שוין דאָ, אַ פֿעראיין־זאַלל איז שון דאָ; געדרוקטע בילעטין, קאַרטען קוויטלעך, אַפֿישקעס, אַיינלאַדונגען, שטשאָטעס אונ רעקלאַמעס איז שוין דאָ; שרייבגעצייג מיט אַ גלעקעל איז שוין אויך דאָ!— הכלל אַלעס פֿיקס אונ פֿערטיג! — נאָ און מכח דער אַנשטאַלט?... אַ... אַ... מכח דער אַנשטאַלט? — סע הייסט איהר מיינט אַודאי מכח דעם בקור חולים, שוללע ציא ביבליאָטעק אַליין?— יאָ, אין פֿערלויף פֿינ׳ם יאָהר (פֿינ׳ם פֿיפֿטען יאָהר) וועט עס שוין געווים נתיסד ווערען! לע״ע איז נאָך קיין געלט ניטאָ דאַרויף!... נאָר עס מאַכט ניט אוים, ניט אַזוי גיך טוהט זיך וויא סע רעדט זיך! פֿרייגט אַייך הערשעל אָסטראָפאָליער, אַז פֿון אַיילענעש קומט קיין גוטס ניט אַרוים!...

4) שבכל. אין אַלע פֿריהריגע דורות, ווען אַ שלוח מיוחד האָט געטראָגען אַ בריעף 3 וואָכען פֿון טיוועריף קיין וואַרשילעווקע, — חתונה בילעטין האָט געדאָווערט שרייבען פֿון דער חתונה ביז אין ברית אַריין. — אַ דין תורה האָט זיך געצויגען אַזוי לאַנג, ביז דיא בעלי דינים׳ס אוראייניקלעך זענין שוין זיידעס געוואָרען! — צום סוף האָט אויף אַלסדינג געסטייעט צייט אונ דיא מענטשען זענין אַרומגעגאַנגען פיסטע־פאַס. — היינט אַז פֿון עק וועלט צו עק זאָגט מען זיך «גוט מאָרגען גוט יאָהר» — פֿון אַלדע ווייסע ביז אַלדע שוואַרצע יאָהר קומען זיך צונויף מענטשען אין 1 שעה, תר״פט אלפים חתונה ביליעטין ווערען אָפגעדרוקט איידער דער התן רעדט אוים «הרי את» אונ אַ מילליאָן שיר המעלות׳ן איידער דיא בובע פֿאַרקניפט דעם נאָפעל, אונ 18 פריגאָוואָרען ווערען אָפגעשריבען בין מנחה למעריב, צום סוף סטייעט קיינעם קיין צייט ניט אונ יעדער שלאָפֿט היינט אין שלייער?!...

וואָס איז, מיינע ליעבע לעזער? וואָס האָט איהר אַזוי אויפֿגעשטעלט מויל אונ אויערען? — איהר וואַרט אַודאי פֿון מיר

אַ תרוץ אויף דיא פֿיער קשיות ! האַ ? שיין בנאֶמנות. — אַ שיינע זאַך פֿאָדערט איהר פֿון מיר בייא היינטיגער צייט ! משוגע אונ מטורף וואָלט איך בעדאַרפֿט ווערען, איך זאָל איינער — בייא היינטיגען פֿראַגען־יאַהרהונדערט — אַרויס מיט תרוצים ! ניין ברידערליך ! קיין לייטעש געלעכטער וועל איך פֿון מיר ניט לאָזען מאַכען ! — איך האָרעווע מיט'ן בלוטיגען שוויים, אַז איך זאָל מיך אַרויף שלאָגען האָטש אויף אַ שטיקעל מדרגה פֿון היינטיגע פובליציסטען, ליטעראַטען אונ זשורנאַליסטען, צום סוף פֿאָדערט איהר פֿון מיר, אַז איך זאָל אייך גאָר שרייבען תרוצים, דאַן ווען אַלע אונזערע גרויסע באַשעפֿטיגען זיך יעצט נאָר מיט לויטער פֿראַגען וכל המרבה לשאול הרי זה משובח ! — אָדיע ברידער, עס האָט זיך געפֿעהלט דער תרוצים־יאַהרהונדערט, ווען אַלע האָבען זיך געסטאַרעט צו פֿאַרענטווערען — האָטש ס'איז גאָר ניט קשה געווען ! — דער רבי האָט פֿאַראַנטווערט צו וואָס טויג דער «לאמר» — אינם פסוק בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ? צו וואָס טויג אין «בהעלותך» אַ גרויסע הי"ת ? דער באַנק־קוועטשער האָט געפֿיהרט מיט זיך אַ גאַנצען פלפול צופעראַנטווערען, וויא זיין ברילל איז ? — דאַן, ווען דיא ברילל איז איהם טאַקע געליגען אַרויף גערוקט אויפֿ'ן שטערען ! «נאָ ! — פֿלייג ער מאַכען מיט אַ גמרא נגון, טאָפּענדיג אונטער דיא טאָוולען — נאָ — הפנים ניטאָ דיא ברילל ? — לאָמיר זשע קלערען, למשל כדומה אַשטייגער, אַז מע האָט אַוועקגעגנב'ט דיא ברילל... איז דאָך אָבער אַ פליאה ; ווער האָט געגנב'ט דיא ברילל ? האָט זיא געגנב'ט אַזוינער, וואָס טראָגט אַ ברילל ? וויא זשע איז זיין ברילל ? — האָט זיא ווידער געגנב'ט אַזוינער, וואָס טראָגט ניט קיין ברילל ? — וואָזשע טויג איהם דיא ברילל ?... האַ ?... יאָ !... מוז מען זאָגען אַזוי — עס האָט זיא טאַקע געגנב'ט אַזוינער וואָס טראָגט יאָ («יאָ» מיט אַ קוועטש) — אַ ברילל, איי וואָס ? — וויא איז זיין ברילל ? הערסטו ! אֶלא מאַי וויא איז

מיין ברילל ?!...... ? דער ליטווישער גאון פליינ פאַרענטוועו̈רען דיא משנה פון המפקיד חביות מיט אַ תוספתא פון כלאים, דער בעל דרש׳ר האָט פאַרענטווערט עקביא בן מהללאל׳ן מיט ר׳ חנניא בן עקשיא׳ן — וכדומה. — אַודאי איז אַמאָל געוועהן גילדענע יאָהרען — היינט אָבער איז נאָר אַ וועלט פון פראַגען — אונ דיא פרייגער ווילען גאָר קיין תרוצים ניט... וואָרען זייא זאָלען מיינען דעם תרוץ, וואָלט גאָר לכתחלה קיין קשיא ניט געוועזען. היינט זענין מיר פאַרוואַלגערט מיט וואָסטאָטשנע—וואַפראָס, קרעסטיאַנסקי—וואַפראָס,ראַבאָטשי—וואַפראָס,יעווריסקי—וואַפראָס, זשענסקי—וואַפראָס, גלאַט—וואַפראָס!... נאָ ווילט איהר גאָר פלוצעם, אַז איך זאָל זיין איין משוגענער תרצן אין דעם ראשענדיגען מקשן־יאַהרהונדערט ! — בלאָטע !... אַיי וועט איהר פרעגען ; פאַר וואָס אַ־נ־אָמת מאַכט מען היינט נאָר גאָלע פראַגען אָהן תרוצים ? — אָט מאָלאדצוא ! אַזוי האָב איך אייך ליעב! אַז איהר האַרמאָניערט מיט היינטיגע פובליציסטען, אונ זענט מוסיף נאָך אַ קשיא אויף זייערע קשיות ? אָט אַזוי זענט איהר וואָילע יונגען! פרייגט נאָך קשיות! מכיתיתי— וועט איהר אי״ה זיין לייטען גלייך !.. , אָבער קוים וועט איהר נאָר וועלען אָנהייבען זוכען אַ תרוץ — אַ דאָ זענט איהר געקוילעט..... וואָרען תרוצים האָבען אונזערע פובליציסטען אַליין אַ סך — אונ אַז זייא ענטווערען ניט, מן הסתם קאָנווינירט זייא בעסער צופרייגען ! — טאָ שטופט זשע ניט דיא צונג, וויהין מע בייט אייך ניט ! —

אַ סמן, אַז נאָר מיט קשיות שפּיעלט מען היינט אוים. — קאָן איך אייגעם, איין ערי־מקלט־אַדוואָקאַט, וואָס אַלע זיינע קליענטען׳ס קשיות פאַרענטווערט ער מיט נאָך גרעסערע קשיות, ביז ער זויגט אוים באַ זייא דעם מאַרח פון דיא ביינער אונ דיא קשיא בלייבט אַ קשיא... נאָר אָט פון דעם קאַטשעניוקער יאַגער־אַדוואָקאָט מיט זיינע 3 רויטנאַזיגע־יאַחט־הונד איז נאָך גאָר דאָ אַ סך צו רעדען.

# דיא 7 ווינדער

## איך האב געזעהען:

1.) אַ גביר, אַיין קאַרגער אין דער גאַנצער געגען —
לויפט אַזוי נייטיג אין אַ גאַסס רעגען,
צון אַ אַיינגעעוקרט שטיבעל אונ שפּאַנט אַריבר דעם פלויט.
ער טראָגט מיט זיך מאכלים אונ משקהות אַ סך
אונ אין קעשינע נאָך היבשע עטליכע ר"ך
אַיין אָרימע קראַנקע פאַמיליע צו מחיה זיין אין איהר נויט!—

## איך האב געזעהען:

2.) אַ רייכע יודישע מאַמזעל פון אַריסטאָקראַטישען גראַד
אַ קאָקעטקע, וואָס האָט זיך ליעב צוטראָגען אַ לאַ מאָד
האָטמען 2 התנים אויף איהר וויבאָר פאָרגעשטעלט;
איינער אַ קבצן—נאָר אַ געבילדעטער מאַנן
אונ איינער אַ יונגאַטש—נאָר מיט צירונג אונ נדן
אַודאי האָט זיא אויסגעקלויבען דעם געבילדעטען אָהן געלט! —

## איך האב געזעהען:

3.) אַ היינטיגען משכיל מיט אָמת אָרענטליכע ידעען
«מיט'ן שלחן ערוך — זאָגט ער — דאַרפען מיר ניט געהען!
מענשליכקייט איז דיא הויפט! ניט טשעפען יענעם'ס פּאַרמענ;»
אונ אַזוי וויא ער זאָגט אַזוי פיהרט ער זיך—נאָך פיינער;
יענעמס גראָשען איז בייא איהם טייערער וויא זיינער
אונ וויזיטירט ניט קיין פרויא ווען איהר מאַנן איז אין וועג!...

איך האב געזעהען :

4.) אַ שיין יונג ווייב מיט אַ־נ־אַלטען מאַנן
לעבען זיך און ליעבען זיך וויא ווייט נאָר מעקאָן
איינס אינ'ם אַנדערען זוכען ניט קיין חסרונות. —
ער געפעלט איהר מיט דער ליסענע. — זיא איהם — מיט'ן צאָפ!
ער איהר אין חאַלאַט. — זיא איהם אין גאַלאָפ !
זיא בחור'ט איהם ניט און ער זוכט אין איהר ניט קיין עונות! —

איך האב געזעהען :

5.) צווישען דיא העברייעשע מחברים, וואָס מאַכען שירים,
הספד'ן אויף לעבעדיגע און געשטאָרבענע גבירים —
איינעם, וואָס ער וויל ניט חנפה'נען פאַר קיין געלט. —
וויפיעל דיא יורשים בעטען און לעגען איהם פיר
פאַר אַ שיינעם הספד אויף זייער טאַטען, דעם גביר. . .
פאַרקויפט ער ניט זיינע געוויסען, פאַר קיין זאַך אין דער וועלט!

איך האב געזעהען :

6.) אַ ווייב אַ צרה, אַ מרשעת, אַ שלאַק,
וואָס דער מאַנן איז געוועזען בייא איהר אַ קאָלפאַק
און קיין תרופה האָט ניט געהאָלפען צו זיין ביטערער נויט ! —
נאָר פלוצים, מע ווייסט ניט פון וואַנעט און פון וויא ?
איז זיא געוואָרען גיט, האָטש צון אַ טשערעק לעג זיא צוא
און דער מאַנן האָט מיט איהר גליקליך געלעבט ביז אין טויט! —

איך האב געזעהען :

7.) אַ גוטען יודען, נאָך דער היינטיגער צייט
רעדט אויס שווערע הערצער און גיעט עצות לייט
און פאַרלאַנגט דערפאַר ניט אַפילו איין פרוטה ! —
פאַרקערט ער גיעט נאָך צדקות וויא ווייט ער קאָן
און אין שטוב לעבט ער וויא אַ געמיינעד מאָנן
און חסידים, פליאַסקע־דריגעס האָבען גאָר צו איהם קיין שליטה.

ליעבע לעזער:

מיינט ניט, אַז איך דערצעהל אייך אַזוינס, וואָס ניט געשטויגען,
צוא איך האָב עס אָפּשר געהערט פֿון מיין באַבע עליה השלום!
ניין אָסור! דאָס האָב איך געזעהען אַליין מיט מיינע אויגען,
אָבער ווייסט איהר וויא? טאַקע נאָר אין חלום!...

בהקיץ אבער:

וועט אַ גביר אַ חזיר אייביג ניט האָבען קיין רחמנות!
אַ יודישע מאַמזעל וועט אייביג ליעב האָבען מתנות!
אַ יונגע מיט אַ=נ=אַלטען לעבען תמיד אָהן נאָמנות!
אַ ווייב, אַ צרה וועט אייביג ניט העלפֿען קיין טאַטער!
אַ היינטיגער משכיל הערט תמיד סאָוועסט וויא דעם קאַטער!
אַ גוטער יוד אָהן פדיונות, איז גאָר אייביג ניט קיין סברא!
און אַ העברייעשער מחבר איז תמיד פֿאַר'ן קערביל אַ כפרה.



# אדעססא איז צום לעבען געקומען!

ענדליך האָט זיך אָדעסא אויף דערמינטערט פֿון איהר פֿיעל=יאָהריגען אָבמאָראָק, פֿון איהר לאַנגען טיעפֿען הינערפֿלעט, און ס'איז שוין כמעט באַלד אַ פּאַאר יאָהר, אַז זיא איז צו זיך געקומען און האָט אָנגעהייבען צו לעבען! — דאַנקען גאָט, וואָס מיר זעהען זיא שוין, קיין עין הרע, אין אַזא שטופע! — «וואָס איז דיר אַזוינס, עלי=קצין! משוגע ביסטו געוואָרען, צי דיר גלוסט זיך גלאַט אַביסיל לצנות מאַכען!? וויא הייסט — דאַנקען גאָט?

וואַס רעדסטו ? נאָך אַ מאָהל, אָדעסא יטטעהט יעצט ביים ערגס=
טען מאַטעריאַלישען צושטאַנד, פֿון אַזא ריעזען=קאָמערץ=פֿערקעהר
איז דאָס נעביך פלוצים אין אַזא שטילען זאַסטוי פֿערבליבען אַז זיא
פֿאַללט יעדען טאָג מעהר מיט אַשטופּע אַז אַין גאָטט זאָל זיך נאָר אויף
איהר דערבאַרעמען דאַנקסטו גאָר גאָט אונ פֿרייסט זיך, וואָס אָדעסא
איז יעצט צום לעבען געקומען!!! אי פֿע עלי=קצין! עפּיס ביסטו
מחילה פֿינ׳ם זינען אַראָפּ! סיידען דוא מיינסט אויף לצנות —
איז דאָס עפּיס אויך ניט אַזא חכמה וויא דוא מיינסט. . . » —
נאָ, שוין מיינע ליעבע לעזער? האָט איהר שוין אָפגעזאָגט אַיי=
ערם? שוין אָפּגעזידעלט דעם בידנע עלי=קצין, וויפֿיל ס׳איז אין
איהם אַריין? האַ? — נאָ, אַצונד קומט אַהער, וועט איהר זעהען
אַז איהר פֿאַרשטעהט מיך ניט, אָדער איהר ווילט מיך ניט פֿאַר=
שטעהן. — שטעלט אַייך נאָר פֿאָר למשל, אַ הערבסט=טאָג, ווען
דיא הימעל זענין פֿאַרוואָלקענט, אַ שטורם ווינד בלאָזט אונ פֿייפֿט
פֿון אַלע זייטען, דער ים וואָרפֿט זיינע חוואַליעס ביז אין הימעל
אַריין, ביימער רוישען אונ ברעכען זיך פֿון דיא וואָרצלען אַרויס,
דער שטויב טראָגט זיך אין דער לופֿט חמאַרעס=ווייס אונ דיא
גאַנצע נאַטור איז אין אַ שרעקליך ברויזענדען צושטאַנד. — וויא
אַזוי הייסט בייא אַייך אַזא נאַטור=צושטאַנד? — לעבען? האַ?...
שטעלט זשע זיך ווידער פֿאָר אַ מאַי=טאָג ווען דיא הימעל זענין
לויטער-בלאָה, דיא זונן שיינט לעכטיג=וואַרימליך, אַ קיהל פֿריש
לופֿטעלע פֿאָכט פֿון מעריב זייט, דער ים איז איבערגעצויגען וויא
אַ שפּיגעל, קוים וואָס ער באַוועהגט זיך, דיא ביימער קוים וואָס
שושקען זיך אונ דורך דיא געדעכטע צווייגעליך גיסען זיך פֿיי=
געל=טאָנער, דיא זאַנגען מיט דיא גרייזליך קוים זייא בייגען אָן
דיא שפּיץ קעפּליך, אום איינער דעם אַגדערען אַ לייכטען גוט=
מאָרגען צוזאָגען אונ דיא גאַנצע נאַטור שטעהט אין אַ הייליג
רוהיגען צושטאַנד. — וויא אַזוי — זאָגט מיר — הייסט בייא אַייך
אַזא נאַטור-צושטאַנד? טויט?... האַ? — אַ יאָ איהר שמיי=

בעלט ? איהר שטויסט זיך שוין אָן וואָס איך מיין ! נאָר, לע״ע זענט איהר אַליין מודה, אַז דער הערבסט־טאָג, אַזוי וויא מיר האָבען איהם אָפּגעמאָהלט, הייסט עס אַ וואָהרער טויטער צושטאַנד אין דער נאַטור, חאָטש אַלעס ברויזט און רוישט ביז אין הימעל אַריין — און דער מאַי־טאָג הייסט אַ וואָהרער לעבינס צושטאַנד חאָטש אַלעס איז רוהיג, שטילל קוים וואָס סע בעוועהגט זיך ! — היינט פֿרייג איך אייך אַליין: האָט אָדעסע געלעבט ביז פֿאַר צוויא יאָהרען, און פֿון פֿאַר צוויא־יאָהרען אָן איז זיא געשטאָרבען צו פֿאַרקע״ט ?... נאָך אַ מאָהל, מענטשען וואָס האָבען טאָג און נאַכט געאַרבעט וויא מאַשינעס, מענטשען אַוטאָמאַטען, וואָס האָבען זיך אויסגעדרייט דיא קאָפּ און האָבען דאָך, קיין מאָהל, אויף זיך קיין קאָפּ ניט געפֿיהלט ! מענשען וואָס האָבען זייער גאַנץ לעבען זיך פֿערגיפֿטעט דיא הערצער, אויסגערעדט דיא גאַ־לען, אָנגעפּויקט פֿולע אויערען, אויסגעסטאַרטשעט דיא אויגען, אָנגעשוואָלען דיא פֿיעס, אָנגעבראָכען דיא הענד און דעם גאַנצען קערפּער אויסגעמאַטערט — און צום סוף האָבען זייא אין זיך, קיין מאָהל, ניט געפֿיהלט קיין האַרץ, קיין אויגען, קיין אויערען קיין הענד און פֿיעס און קיין לייב און לעבען — נאָ קען מען אַזא מין גייאמאָדנע־פּאַראַליזש, אָנרופֿען «לעבען ?...» מיר דאַכט, אַז אַ סך גיכער קען מען עס רופֿען «טיפֿעס» «ברעד» «הינגערפלעט» «אָבמאָראָק» וכדומה. נאָך אַ מאָהל, מענשען וואָס זענין געוועהען אינ׳ם געפֿערליכען קריינקליכען קריזיס, אַז זייא האָבען שוין גאָר לחלוטין פֿערלוירען זייערע חושים און זענין אָהן טשאָווסטווע געבליבען; מענטשען וואָס זייא האָט זיך גאָר, אומ־שטיינסגעזאָגט, דיא נאַטור אַנדערש פֿאַרגעשטעלט: דיא אָדעסער הימעל האָט זיך זייא אויסגעוויזען פֿאַר אַ בירזשען־זאַלל. — דיא זונן מיט דער לבנה — פֿאַר 2 האָף־מאַקליערס. — דיא ערד פֿאַר זעמסקי־באַנק. — דער ים — פֿאַר אַ וועקשאָף פּיר באַרזשען. — געטריידע־פֿעלדער — פֿאַר אַמבאַרען און מאַגאַזאַנעס. — גערטנער

אונ סאַדער — פֿאַר באַקאַליי אונ קאָלאָניאַל וואַארען אויפֿ'ן אַלטען מאַרק. — זומער-פֿייגעליך — פֿאַר דיפּעשען. — חודש מאַי — פֿאַר אַ פּראָדוקטען-זאַוואָד. — בלומען-בלאָטער, רויזענבלאָטער, הושענות-בלאָטער אונ צייטונגס-בלאָטער — פֿאַר אַקציען, אָבליגאַציען, זאַקלאַדנע ליסטען אונ פּערעוואָדנע וועקסלען. — ווייב אונ קינדער — פֿאַר שטיעב-מעבעל. — אונ מענטשען — פֿאַר מייקלער! ... אָ, אַ סך העכער זענין געשטאַנען דיא קליינשטעדטעלדיגע פּראָגרעסיווּנע פּאַרטהייען אין אַלע אונזיכטען דער בילדונג. ציוויליזאַציאָן אונ מענשליכקייט וויא דיא גרעסטע אָדעסער אַריסטאָקראַטיע! — אין דיא קליינע שטעטליך — אָבוואָהל עס האָט זייא נעביך געפֿעהלט דיא אַלע מיטטעל צום פֿאָרטשריט, וויא למשל קאָהרשולען, שולען, ביבליאָטעקען, קלובען, טעהאַטערען ובדומה — דאָך האָט זיך דער קליינער בילדונגס-קרייז תמיד בעשטרייבט צו זוכען זיין מזון הנפֿש גלייך וויא ער האָט געזוכט זיין מזון הגוף; עס האָט עקסיסטירט אונטער זייא אַ היים ענערגיש אחדות, איינער דעם אַנדערען האָט מאָראַליזירט, אויפֿגעקלערט, צערשטרייט אונ בעלייבט! — אויף יעדענס געזיכט איז געליגען עפּיס אַ דורשט צו עטוואָס מאָראַלישעס, צו עטוואָס העכערס פֿון זיין ספֿערע; מע איז זיך אַלע טאָג צונויף געקומען אונ מע האָט זיך אויף 2—3 שעה אויסגעשפּאַנט פֿינ'ם קערפּערליכען מעמד (לאָז זיין וויא דיא מקובלים רופֿען עס «פֿינ'ם חומריית») אונ מע האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דער מאָראַלישער ספֿערע; (לאָז זיין רוחניות). אַלע האָבען זיך צוזאַמען, אונטער איין וואַרעמען געפֿיהל, בעדויערט זיך אונ דיא מענשהייט בכלל, וואָס מע געפֿינט זיך נאָך אין אַזאַ נידריגען, אונגעבילדעטען אונזיטטליכען צושטאַנד — מע האָט געקרעכצט, געאויקעט, געוועהקעט, אונ דאָס האָט געגעבען מוטה אונ ענערגיע מע זאָל זיך ווייטער שטרייבען אונ רייסען צום ריכטיגען צוועק! — אונ מיר דאַכט, מיינע ליעבע לעזער, אַז קליינשטעטעלדיגע דאַרפֿען אויך

לעבען, פאָלגליך אַז זייא האָבען אויך געדאַרט דעם קאָפּף אויף פרנסה וויא דער אָדעסער יוד! אונטערדעסען האָט זיך קיינער ניט פאַרלוירען לחלוטין אינ'ם גאָלע עולם-עשיה, אונ אַפילו בעת זיין אַרבייט, בעת מסחור, בעת טאָרגעווען זיך מיט'ן קונה, האָט ער זיך אויך ניט פאַרגעסען אינגאַנצען אין דעם; אָ חבל! חבל! אויף דיא וואַרימע עטליכע יאָהרליך, אין וועלכע, איך אַליין האָב פאַרבראַכט אונטער אַזעלכע קליינשטעטעלדיגע משכילים! — עפּים האָב איך זיך דעמאָלט געפּיהלט גוזעלשאַפטליך, איך האב זיך געפּיהלט, אַז איך שטעה אין פעריבינדנעם מיט נאָך וואַרימע הערצער, מיט וועלכע איך בין מחויב צו אַרבייטען לטובת הכלל. — איך האָב מיך געפּיהלט געשטיצט אונטער הייסע ענערגישע מיט-געפּיהלען פון אַ סך אַנדערע מיטגלידער, וועלכע האָבען מיט מיר אינאיינם געראַטעוועט צור נוטצען אונזער אַרימען, פאַנאַטישען פאָלק! — הכלל איך האָב מיך געפּיהלט עפּים וויא בעשעפ-טיגט מיט אַ גאַנץ-נייטיגען ענין, פיר וועלכען, איך אַליין בין אויך זעהער נייטיג! . . . נאָר וואָס דען איז מיר אָפגעגאַנגען? אָט דיא מיטטעל צו ערדייכען דעם צוועק, וועלכע מע קריעגט זייא ניט אינ'ם קליינעם שטעדטעל — אַ דאָ בין איך עס, מיט אַ ברענעדיג הארץ, מיט אַ גאַנצען זאַפּאַס געפּיהלע אַוועקגעלאָפען קיין אָדעסאָ, אום דאָרטען צופערפאָלקאָמענען מיין ידעע, אונ זיך אָנזאַפּען מיט דער דאָרטיגער ציוויליזאַציאָנס-לופט, מיט דעם דאָר-טיגען מאָראַל אונ זיטליכקייט, אום זיך אַנצוקויפען אין מעהר קרוג וואַרימע הערצער, וואָס קריינקען זיך אונ זאָרגען פיר אונזער אַ-רימען פאָלק! — (חלעבען, אַלס קליינשטעטעלדיגער האָב איך גע-מיינט, אַז דאָס גרויסע אַריסטאָקראַטישע אָדעסאָ קער אַודאי זיין דיא קרעניצע פון מענשעני'בע, פון מיטגעפּיהלע אונ פון בילדונג אונ ציוויליזאַציע איז דאָך גאָר קיין רעדע ניט!) ליידער האָב איך זיך נעביך געגאַרט, אָבער געגאַרט אַרום אונ אַרום! וואָס האָב איך געפונען קומענדיג קיין אָדעסאָ? — ניט מעהר וויא דעם

הערבסט=טאָג, וואָס איך האָב דאָ פֿריער אויסגעמאָהלט : עס חוואַליעט אַ ים פֿון מענטשען, דיא פנים'ר פֿאַרחמאַרעט, דער שטויב פֿון דיא מאַגאַזאָנעס טראָגט זיך אין דער לופֿט, דער קאָמערץ=ווינד בלאָזט פֿון אַלע זייטען און שטופּט אַלע מענטשען נאָך זיין ריכ= טונג — יעדער לויפֿט וויא אַ פֿאַרסמ'טע מויז; איינעמס האָרץ פֿינ'ם אַנדערענס, איינעמס ידעע פֿינ'ם אַנדערענס איז ווייט כרחוק מזרח ממערב, נאָר אין דעם איינציגען געדאַנק פֿערגלייכען זיך אַלע— האָטש ניט צונויפֿרעדענדיג—היינו אין דעם געדאַנק «געלט!» אָט אַזוי האָב איך עס געפֿונען אינ'ם אַלגעמיין! — אַודאי איז מיר פֿינצטער און ביטער געוואָרען אין מיינע אויגען, עפּיס האָב איך זיך דערפֿיהלט עלענד, אַליין, איבריג! אַ דאָ האָב איך זיך מישב געוועהען; איך וועל זיך צוקוקען צו איינצאָהלנע מענטשען, ניט צום כלל. — זעה איך, עס לויפֿט איינער, זיצענדיג נאָר מיט אַ האַלבען חלק גוף אויף דער דראָשקע אין אַ פּאָאַר בריללען און פֿליהט צוא צום קאָפֿפֿע=רע=קאָמערץ, און שפּרינגט אַראָפּ פֿון דער דראָשקע אַזוי בחור'סקע און זעצט זיך בייא אַ געגרייטען טיש און פֿאַרשטעקט אַ סאַלפֿעטקע אינ'ם קאָלנער אַריין איבער דער מאַנישקע און חאַפּט אַ קעליעיקעל מילאַנזש, און אין ביידע הענד אַ מעסער מיט אַ גאָפּעל און שטעקט גיך אינ'ם ביפֿשטעקס אַריין, און שנייט גיך, און עסט גיך, און רעד דערווייל מיט איינעם גיך, און טרינקט אַ גלאָז ביער גיך, און שטעהט אויף גיך און געהט אַוועק גיך— און אין דיא אַלע תנועות פֿינ'ם זיטצען אויף דער דראָשקע ביז אין אַוועקגאַנג פֿינ'ם קאָפֿפֿע=הויז האָב איך געזעהען, ער מיינט גאַנץ=ערענצט, אַז דאָס איז דאָס! ... אַז אַזוי דאַרפֿמען זיין, און קיין בעסערס. קיין שענערס, קיין נייטיגערס און קיין זיטלי= בערס דערפֿון דאַרפֿמען שוין ניט און ס'איז טאַקע ניטאָ! —... איך האָב געזעהען, אַז דער מענטש איז פֿאַלל לעבען — און דאָך אַ מת. . . פֿאַלל געדאַנקען — און דאָך פּוסט. . . פֿאַלל בעוועה= גונג — און דאָך אינגערליך פּאַראַל'יזירט! איך האָב געזעהען, אַז

ער איז ווייט, שטאַדק ווייט פֿון אַ מינדסטען דיינק טוהן — חאָטש איין מאָהל אין זיין לעבען — איבער מענשליכקייט, איבער געזעל־שעפֿטליכקייט, איבער דעם יודענטהום אין איבער זיך אַליין! — הכלל איך האָב געזעהען אַז דער מענטש הייסט נאָר דערפֿאַר מענטש, ווייל ער זיטצט אין אַ מענשליכען גוף, אונ אַריסטאָקראַט איז ער, ווייל ער שטעקט אין אייראָפּייעשע קליידער! — דאָס דערצעהל איך אייך פֿון איינעם נאָר, וואָרען דיא איבריגע וואָס איך האָב געזעהען, זענען אויך טאָטש אוב טאָטש דאָס אייגענע וואָס דער, מיט אַנדערע תנועות אונ מיט אַנדערע פנים׳ר, ניט מעהר!... אַ דאָ איז מיר שוין גאָר פֿאַרקיעלט געוואָרען מיין מאַמעס מילך; געוואַלד, האָב איך געטראַכט, אַהער בין איך גע־קומען זוכען געפֿיהלע, מענשליכקייט אונ מיטאַרבייטונג פֿיר מיין בידנע פֿאָלק!!! אַהער בין איך געלאָפֿען אויסגיסען מיין ביטטער האַרצוויטיג, מיינע ענערגישע אונטערנעהמונגען, מיינע זיפֿצען אונ זאָרגען אויפֿ׳ן נידריגען שטאַנד פֿון מיין אָרמען פֿאָלק! — אַהער! אין אַזאַ־נ־אָרט, וו'א אין דיא מענטשען פֿליעסט גאָר פֿאַ־פירען בלוט, אין דיא קאָפּף ליעגען ווייצענע געהירען, אין דיא ביינער — אַנטריצעט־מאַרך אונ דיא הויט איז פֿון קורסען־טאַ־בעלען! — צין אַזוינע מענטשען בין איך זיך געקומען באַקלאָגען אויף מיין פֿאָלקס אונזיטליכען צושטאַנד, אויף זיין פֿינצטער פֿאַ־נאַטיזם אויף זיין וועטשנאַ סטראַדאַניע, אונ ערוואַרטען פֿון זייא אַ מיטגעפֿיהלע, אַ מיטלייד אויף מיינע ווייטיגען — דאַן ווען זייא געהט אַזוי אָן גיטע יודען, שטאָדט בעלי טובות, קינדער ער־ציהונג, מיט אַלע פֿאָלקס אַנגעלעגענהייטען, אַזוי וויא אַמאָהליגע חאַפּערס פליג אַנגעהען דיא טאַטע מאַמעס בלוטיגע טרעהרען! —

אַזוי אַזוי, מיינע ליעבע לעזער, האָב איך נעביך אַ צייט מיט יאָהרען געמוזט צוזעהען דיא ביטערע מוטשעניע וויא אָדעסער יודען האָבען זיך נעביך געמיטשעט אין הינגער־פלעט, אין גאָ־ריאַטשקע; ביז, ענדליך, דער אייבערשטער האָט אויף זייא רחמנות

געהאַט און האָט זייא צוגעשיקט זיין רפואה פֿינ'ם גן ערן, דעם טהייערן רעצעפט «ק ר י ז י ס!» אדאָ האָבען זייא זיך אָנגעהייבען דערמינטערען, וופאָסניענטען פֿון זייער היטציגען ברעד, און האָבען אָנגהייבען ביסלעכוויים צו זיך קומען... ער האָט שוין צייט א מאָהל אַ דיינק טאָהן אין זיך, אינ'ם כלל; אַ מאָהל אַ רעד טאָהן מיט אַ משכיל, מיט אַ מחבר איין עדעל מאָראַליש וואָרט; א מאָהל אַ קלער טאָהן איבער'ן צושטאַנד פֿון זיין פֿאָלק; אַ מאָהל געניעסען אַ לעק פֿון דער נאַטור. — יעצט קוקט ער זיך ערשט אַרום וויא ער איז אין גאָטס וועלט? ער דערזעהט ערשט דעם קלאָהרען בלויען הימעל מיט זיין שפּאַציערענד שיין מעליטער, דיא רייכע וואָהלטאַהטיגע ערד מיט איהרע פּראָדוקטען, דעם טיעפֿען גרויסען ים מיט זיין גאָטליכער קראַפֿט. — ער הערט זיך ערשט צוא צום פֿייגעל געזאַנג, צום ביימער שושקערייא. — ער זוכט זיך ערשט יעצט אַביסעל אחדות, אַ צווייטעס וואַרעם הערץ, הכלל ער דערפֿיהלט זיך ערשט יעצט אַז ער איז אַ מענטש, און פֿאָלגליך, אַז צווישען מענטשען דאַרף עפּיס עקסיסטירען — אויסער אַ פּראַקטיש — אַ מאָראַליש פֿערהאָלטנים! — עס אונטרעסירט איהם שוין צו וויסען, וואָס מאַכען נעביך יענע קראַנקע געליימטע יודען אין פוילען, און ער זוכט זיך שוין מיטגעפֿיהלע פֿון אַנדערע, וועגען דעם ענין!

אֶמת טאַקע דער רעצעפט «ק ר י ז י ס» האָט איהם נעביך זעהער אָפּגעשוואַכט, ער פֿיהלט זיך, אַז ער הייבט אָן צו דיא כוחות קומען, און האָט זיך נעביך ניט מיט וואָס צו דערקוויקען... נאָר עס מאַכט ניט אויס — אַזא קראַנקער מוז נאָך אַ צייטעל האַלטען דיעטע, אָבער דער אייבערשטער וועט געוויס אין גיכען אי"ה העלפֿען גאָר אויף אַיין אַ=נ=אַנדער אופֿן!... —

און איך פֿון מיין זייט, אָדעסער ברידערליך, וועל אייך אויך צושרייבען אַ קליינע דיעטע אויף שפּעטער, ווען איהר וועט אי"ה געהאָלפֿען ווערען פֿון אַלע אַייערע צרות — זעהט, איך בייט

אייך, דיא קליינע דיעטע צוהאַלטען, בכדי איהר זאָלט חלילה נאָך אַ מאָהל ניט אַריינפאַלען אין דער אַלטער קריינק! — ; מיין דיעטע איז זעהער אַ לייכטע: איהר זאָלט זיך היטען פון בירזשען־אַפּעריסטען, פון קריכען אויף דיא באַנק... פון בלאַנקען, לאַפּעטוטען און פון אַדוואָקאַטישע... עצות — ניט האַפּען איין איבעריגען ביסען קבצן־פלייש, ניט טרינקען יענעמס טרעהרען־וואַסער, ניט לאַכען צו שטאַרק מיט איין אשת איש און אַפּילו זיך ניט שפּיעלען צופיעל אין קאָרטען און דיא הויפּט איז; ניט רעדען צופיעל פון פּראָסע!... איך בייט אייך ברידערליך פאַרגעסט אייך ניט ביים דער גוטער צייט און פאַרליערט אייך ווידער ניט אין גאָלע עולם=המעשה! עס איז שוין צייט בנאָמנות, איהר זאָלט עפּיס מאַכען איין אונ־טערשיעד צווישען אַ פּאַרטיע וויינט, מיט אַ פּאַרטיע ביליאַרד, מיט אַ פּאַרטיע אַ פרויא... צווישען פּדיון שבוים, מיט פּדיון פאַר צוקער, מיט אַ פּדיון דעם רבין, מיט אַ פּדיון הבן!... זאָרגט ניט! דער אייבערשטער וועט אייך געווים אין גיכען אויפרעכטען במקודם! אָמן! —



# הערצען און זעהען און שווייגען!

דער מענטש איז אַ רעדנער — און דאָס איז זיין שטאָלץ. —
פריטא האָב איך זיך פאַרשוואָרען צושטומען וויא אַ האָלץ!
ווען מיין הערץ בלוטעט אין מיר אַזוי וויא אַ קוואַל,
אויף דיא אונמענשליכקייט וואָס איך הער און זעה אין יעדען אָרט;
קריינק איך אין זיך, עס פּיקעט אין מיר דיא גאַל,
און היינג אַ שלאָסס אויפ'ן מויל, ניט צו־רעדען אַ וואָרט!
וואָרען איך האָב אַ מאָהל געפּריווט רעדען, האָב איך אַ סמן;
אז איך בין נעביך שיר פּינ'ם לעבען געקומען!:

איך האָב געזעהן חסידים, ליידיגעהער, הפקר יונגען,
מאַכען זיך איין אָפּגאָטט, טאַנצען פאַר איהם און שפּרינגען.—
איך האָב אוודאי געוואָלט מתקן זיין דיא פינצטערע צרה!
נישמער וואָס קאָן נעביך מאַכען איין אָרימעמע שוואַלב?
נאָר געשריגען האָב איך: קינדער! וואָס דיענט איהר עבודה זרה!
וואָס זענט איהר זיך מקריב אַללע צום גילדענעם קאַלב?
אַדאָ האָט מען עס מיך געהרג'ט מיט פּעטש און מיט פייגען,
איך זאָל אַלעס נאָר הערען און זעהען און שווייגען!...

---

איך האָב גיזעהן אַ יודעלע אין 2 פּאָר תפילין געשפּאַנט,
פלאַקערט ביים דאַוונען און שלאָגט זיך קאָפּ אין דער וואַנד;
איך קוק מיך אָבער צוא צודעם יודעלע, צום קליינעם. —
האָט נאָך אַזעלכעם גאָר ניט אַרױסגעגעבען דיא נאַטור;
ער איז גנוב ונאוף ורצוח אין איינעם,
חנופה רכילות און פאַלש צין אַלדע שוואַרצע יאָהר!
האָב איך געפּריווט אַראָפּשלעפּען דיא מאַסקע פון דעם צבוע'ק,
האָב איך געהאַט אַ סוף — אַז איך הער און זעה און שווייג! —

---

איך האָב געזעהען אין דיא ישובות, אין דיא בתי מדרשים,
פאַרשווענדען יונגעלייט דיא יוגענד אויף פלפולים און מדרשים. —
מע קוועטשט רשי'ם כלומר, מע דרייט דעם מהרשא'ם ודי'ל,
און וואַקסען אויס שווינדלער, מקבלים, פאַראַזיטען מיט דער צייט;
אַדאָ האָב איך געשריגען אויף אַללע פאָרשטעהער בכלל:
פאַר וואָס זייא גיבען ניט אַ רעכטע בילדונג דיא פערלוירענע יונגעלייט?
אוודאי האָט מען מיר אָפּגעטיצעט גלייך אין דיא ציין אַ פייג:
יוואָן, אַפּיקורס! דוא הער און זעה און שווייג!»

---

איך האָב געזעהען אַ שיינעם יודען אונטער אַ מאַסקע פאַרשטעלט
וויא ער מוסר'ט זיין זוהן נאָך וואָס האַלט ער מיט היינטיגער וועלט?

‹סטייטש — זאָגט ער — מיין נאָמען פֿאַרפֿלעקען ! געוואַלד אוי וועה !
אַלע קהל׳ישע ענינים שטעהען זיך דאַנקען גאָט אַיין נאָר ביי מיר,
איך בין גבאי, ראש החברה, משגיח און קאָנזאַטשייא
און. . .› דאָס איבריגע ווייס איך : ער זינדעגט מיט דער שניטר. . .
איך האָב ניט אויפֿגעהערט אויסרעדען האָב איך פֿאָלוטשעט אַ פֿייג,
און דערצוא עטליכע פעטש ‹דוא הער און זעה און שוויג !›

---

איך האָב געזעהען רבנים, לומדים, מופֿלגי תורה,
פֿאַרברייננגען דיא יאָהרען אויף אַזא פוילער סחורה ;
אשטייגער : וויפֿיעל מאָהל דאַרפֿמען ארבעס קלאָבען ?
ציא זאָל מען גלייך, ציא בסרוגין, שניידען דיא נעגעל ?
וויא אזוי מע דאַרף אַ שלייען־גלגול באַגראבען ?
ציא קוקען אויף אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, הייסט ניט געדיענט צום עגל ?
וויא ברייט זאָל זיין אום שבת דעם מענשענס שאָג ?
הייגט הער און זעה אזעלכעס צו — און שוויג ?

---

געוואַלד ! האָב איך געשריגען, שוטים, וואָס מאַכט עס אייך אויס ?
איז זשע אַ־נ־אמת דיא חומרות פֿון אַזוינע זאַכען, אַזוי גרויס ?
איז זשע דען ניט גלייכער, איהר זאָלט דעם שכל בענוצען,
פֿון אַלע חומרות און גזרות צו רעפֿאָרמירען דעם דת ?
אויסטרעסען איהם, אויסלופטערען און איבערפוטצען
ער זאָל פאַסען פֿאַר אייראָפּאַ — ניט פֿאַר טבריה און צפֿת !
באַלד האָט מען מיך מחרים געוועהן, איך האָב בעקומען דעם שלאַג
פֿון דעמאָלט אָן הער איך און זעה און שוויג !. . .

---

איך האָב געזעהן געבילדעטע שרייבער וואָס גיבען אַרויס
אַלטע שמאַטעס מיט הערות — וואָס זייא פֿאַרעכטען אויס;
אַלטע סליחות, פזמונות, שלמוניות, רב עמרם׳ב סדורים,
ביצים שאנו אוכלים, זאת חנוכה, התמוז מיט פוילע פרחים ;

מיט דיא אייגענע נוטצען וואָס דיא רבנישע חבורים,
און פֿאָדערען נאָך דעם נאָמען «משכילים» פֿאַר רוחים. —
געוואַלד! האָב איך געשריגען; איהר געהט זיך ריקווירטס וויא אַ ראַק!
«אַוועק—זאָגען זיי—יונגאַטש! דוא הער און זעה און שווייג!»

---

איך האָב געזעהען קהל׳ישע פֿאַרזאָרגער, שיינע יודען, בעלי קומה
וואָס פֿיהרען שוהלען, תלמוד תורה׳ס, בקור חולים׳ס וכדומה
אויף אייראָפּייעשען אַרט, מיט פֿאָרמאַלנע ביכער און חשבונות,
און צו יעדען נייא יאָהר ווייזען זייא אַ גרויסען דיפֿיציט. —
נאָ, וואָס קען מען אויף אַזעלכע מתעסקים זוכען פֿאַר עונות?
אַז דיא איטאָהען זענין פֿאָרט ריכטיג און גוט?...
יאָ, אֶמת טאַקע, שרייא איך, דיא איטאָהען זענין טאַקע גלייך!
דיא ראַסחאָדען זענין אָבער פֿאָרט זעהער אַ סך!:

---

הייא אויף יו״כ דאַרף קיין 25=גער ניט קאָסטען באַין אופֿן!
פֿאַר דיא «הוצאות קטנות» קען מען באַלד אַ שיהל קויפֿען!
עטליכע העמדער אין ב״ח און פליעדערליך אין תלמוד תורה —
וואָס מעהרער פון 1 חודש קענען זייא ניט געהען. —
וואָס פֿאַר אַ צעהנטעל קען מען קריגען דיא פֿוילע סחורה,
ווען מע זאָל זיא ניט קויפֿען בייא דיא מתעסקים אַליין!...
נאָר אַז איך האָב געזאָגט, האָט מען מיר געגיבען אַ גאַנץ גרויסע פֿיג.
פֿון דעמאָלט אָן הער איך און זעה און שווייג! —

---

איך האָב זיך צוגעקוקט צו דיא אויסשטודירטע יונגעלייט,
וויא ביז אין ענדיגען זענין זייא פֿינ׳ם קערבעל גאַנץ ווייט,
«דאָס אָרימע פֿאָלק — שרייען זייא — איז נעביך פֿאַרוויסט!
אונטער דיא געלט=מערדער, פֿאַרליערט עס זיין וועלט!»
צום סוף זעה איך, דער דאָקטער ציא דער יוריסט
פֿאַרקויפֿט אַליין מענשליכקייט נאָר פֿאַר ווייניג געלט! —

געוואלד ברידער! זאל זשע שטוריום פיהרען צין אזא שאג? —
«דיא ווייסט ניט וואס א קערבעל איז — טא הער, זעה אונ שוויג!»

---

איך האב געזעהען נגיליסטען, וואס שרייען אין איין קול:
«אחדות! איין תורה! איין קעשענע זאל זיין איבעראלל!»
«ברידערשאפט — זאגען זייא — איז דער איינציגער גאטט!
דיא מדה פון שלי שלך — שרייען זייא — איז זעהער גרויס!»
צום סוף לעבען זייא אונ היליען אויף יענעמס סמשאט
אונ פאר זייער שמעק טאבאק נעמען זייא דיא אויגען ארויס...
נא? פרייג איך — קינדער, וואס איז דאס פאר א שלאק?
«האסט א פלאטשעק מוח'ל — טא הער אונ זעה אונ שוויג!»

---

איך זעה פוסטע העברייעשע=גאזעטען, וואס דולען א מוח
מיט עגונות, דרשות, פלפולים אונ גוטעיודישע מופתים אויך...
דיא גאזעטניקעס אליין ציינען זיך פאר כשרע נשמות
זייא דרוקען וואס זייא קאנווינירט, האטש דיא גרעסטע שמאטע!
אבי גוטע יודען אונ שטאט=בעלי=בתים זאלען גיבען הסכמות;
ווייטער הערען זייא דעם צייטגייסט אזוי וויא דיא בלאטע! —
אונ אז איך בין, אין מיין ישראל'צין, מיט'ן אמת ארויס
אונ האב אלעס געזאגט עפענטליך, נאך דיא ריינע געוויסען
זענין זייא אויף מיר אנגעפאלען, פון קליין ביז גרויס
אונ האבען מיך, וויא דיא וואלף, שיר צעררייסען!
סטייטש נאך וואס זאג איך דאס וואס מע דארף?
פאר וואס געה איך אויך ניט מיט זייער אלטען סוד? — :
אז א רעדאקטאר דארף רעדען שיפעליאווע — ניט שארף...
כדי יעדער זאל מיינען — ער איז אויף זיין צד!...
נא, וואזשע ווערט מיר שוין ארויסקומען נאך מיין גאנץ פלאגען?
בעססער לאם איך הערען, זעהען אונ שוויגען!...

בעארביימעט פרייא נאכ'ן העברייעשען.

# א נא דערקענט!

אַ גרויאַ יורעל מיט אַ רויטער נאָז
אין אַ פּאָאר ברילל'ען פון בלאָוולעך גלאָז
אין אַ צילינדער מיט אַ לאַנגען טווין
דאָס הייסט: איך בין אַהער אונ אַהיען...
איך בין אַ חסיד, אַריסטאָקראַט אונ דאָס...
איך בין מחבר אונ שטאָדט בעל=הבית!
איך דאַווען אין קאָהר=שיהל — אונ דאָך
מיה איך דעם פריידיגער צוצייטען א שטאָך
אינ'ם המגיד רעד איך פשוט אוים דיא גאַלל
אויף איהם, אויף דיא גבאים אויפ'ן חזן אונ אויפ'ן כלל!...
דערוויל שטופּ איך מיך אַלץ פאַר אַ מאַכער אין קהל
אונ זעה יוצא זיין אַללע דעות מיט אַמאָהל!
איך האָב בעשריבען אַ געוועזענעם גוטען יודען
כדי משכילים אויך שטעללען צופריעדען
איך האָב ליעב מאַכען פשרות, אומעדום גיבען עצות,
שפּרעכען עין־הרע'ס אונ חאַפּען פייגען אונטער דיא פלייצעס...
אין אַ קעהלער בייא אַ גלאָזעל וויין
(דעם לעק האָב איך ליעב וויא עס קער צו זיין)
קוים אַ פאַנאַטיקער איז מיך מכבד
טיה איך שוין צוליעב אויף משכילים אַ יאַבעד
פריגלאַשעט מיך אָבער עפּים אַ פריי=דיינקער
(דאָס מעגט איהר פרעגען אפילו דעם שיינקער)
מאַך איך שוין אַללע גיטע יודען מיט דער בלאָטע
אונ פאַר משכילים שטעלל איך זיך וויא אַ טאַטע!
אַזוי נאַר איך צובימלעך דיא אַלטע וועלט
יעדער האָט הנאה פון מיר, יעדער קוועלט
מחמת איך רעד פאַמיילעך, אונ תמיד צו דער מאָס

 וויא עס דאַרף צורעדען אַ שטאָדט בעל־הבית. . .
נאָר דיא היינטיגע מחברים'ליך, דיא יונגעלייט,
וואָס שרייבען דעם אֶמת נאָך היינטיגער צייט;
דיא האָבען מיך פיינד אַזוי וויא אַ שפּון
און זאָגען אויף מיר גאָר, אַז איך בין:
אַ שמייכלער, אַ שכור, אַ פּראָסטער יונגאַטש
אַ חונף, אַ אונטערלעקער, אַיין אַלטער קאָלאָדאַטש!
נאָר איך חנפה זייא אויך, וויא ווייט איך קאָן
און שטופּ זיך אויך אַרין פאַר אַ יוננענמאַנן!
זייא זאָגען אַפילו אויף מיר אַרמז, אַז
איך בין אַ עיט־צבוע'ניק קאַק ראַז
און וואַכען מיך אַקוראַט אַזוי וויא אַ־נ־עפּוש
נאָר איך מאַך מיך אָבער קלאָמערשט צום טפּוש
איך לעק זייא און קריך צו זייא אַזוי מיאָס
נאָר אונטערוויילעכס באַליידעג איך זייא פון קאָפּ ביז פּיס
איך האָב פרנסה בכבוד, האָטש איך לעב פון ווינד,
וואָרען איך בין זיך אַיינער פון דיא 3 יאַחט־הונד —
וואָס מיר חאַפּען אויף קליענטען צום יאָנער־אַדוואָקאַט,
און דערפאַר חאַפּען מיר אַ געווּיסען ראַבאַט. . .
נאָ האָט איהר נאָך געזעהען אַזאַ מין מזיק?
איך זאָג אייך, איך בין טאַקע אַ־נ־אַלטער קאָזעק! . .
אַזוי דריי איך מיך תמיד מיט אַ זאָנטיג אין האַנט
און ווער עס געהט דורך, בין מיט איהם בעקאַנט
אַללע וויססען מיך וויא אַ בייזען שילינג
(עס הייסט—ניט מיך אַליין—וואָרען איך בין אַ צווילינג)
איך מיט מיין מחותן זענין מיר איין לייב און זעעל
און אין איטליכס פיצעלע האָבען מירביידע אַ טהייל.—
מע קען אונז יעדען—איבערען לעק—פּאַר אַ רויט נאָניקער
און אויפ'ן המגיד חתמה'נען מיר זיך:

„דער חראניקער!“

# דיא חסידישע דאמפף־מאשיען

זינט איך בין צו מיין שכל געקומען (עס הייסט זינט איך בין אַ חסיד געוואָרען) ביז אַ דאָ צוריק מיט אַ פּאָאר יאָהר — איין ערך פֿון אַ יאָהר 25 — האָב איך קיין מאָהל ניט פֿארשטאַנען דעם מאמר פֿון אונזערע חז"ל «טוב תורה עם דרך ארץ» מיילא דאָס ווייסען מיר זיך געוויס, אַז דאָס וואָרט «תורה» וואָס אין דעם מאמר, מיינט מען «חסידות» וואָרען ווישע דען? (מן הסתם איז אַזוי!...) איז דאָך אין פלוק אַ ווילדע פליאָה אויף אונזערע הייליגע חכמים, וויא קומען זייא צוזאָגען, אַז חסידות איז גוט מיט דרך ארץ? אַדרבה פונקט דעם הפך וואָלטען זייא באַדאַרפֿט זאָגען «טוב תורה — ר"ל חסידות — בלא דרך ארץ!» — וואָרען וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט חסידות מיט דרך ארץ? אָט לאָז מען פֿרעגען אַללע אונזערע לייט, וועללען זייא אויך זאָגען — ע"פ הנסיון — אַז דאָס גאַנצע חסידות איז נאָר געבאָוועט אויף ווילדקייט, אונ דער וואָס איז עוסק אין וועלט זאַכען, הייסט ער איין אָמת'ר כופֿר אין אמונת חכמים, אונ איז מחלל דאָס חסידות בפֿרהסיא!... והראיה; אָט זעהען מיר זיך אַרויס באַשאַנפֿערליך, אַז אַלע אונזערע מענטשען — מיום הוסדה החסידות ביז היינט — זענין מיר אַלע בטלנים, ליידיגגעהערס, לופֿטחאַפּערס, פּאָטשטשעשמיעסער, טעלערלעקער, ווילדע יונגען אונ מיר ווייסען ניט, אונ ווילען ניט ווייסען קיין מאָהל פֿון עפּיס אַ וועלטליכען ענין, פֿון דאַנגען אַ היען — והיא תהלתנו! אונ דאָס איז אונזער כבוד! — פֿאַרקערט, לאָז זיך אָקאַזשען איינער פֿון דיא געבילדעטע, וואָס זאָל אונז דערווייזען, חאָטש מיט איין פֿאָקט, אַז מיר זענין ניט דאָס וואָס איך זאָג! — בלאָטע! דאָס וועט זיך אייביג ניט טרעפֿען! דיא גאַנצע וועלט ווייסט, אַז ס'איז צווישען אונזערע לייט ניטאָ אַפֿילו איינער, וואָס זאָל חאָטש איין מינוט אין זיין גאַנץ לעבען

אַ טראַכט טאָהן וועגען זיין פֿאַמיליע, וועגען זיין קהלים ענינים, צוא וועגען דעם כלל! — ובפרט נאָך אַ קלעהר טאָהן אין דיא פֿוילע נאַרישע הקירות פֿון דיא בערלינער הקרנים דאָס אַודאַי ניט!... וואָרען חוץ וואָס דיא אַלע זעהערע חדשות'ן אין עולם המעשה, זענען דאָך געגען שטת החסידות, איז חוץ דעם, ווייסען מיר גלאַט, אַז זייערע אַללע חדושים אונ המצאות זענען הבל הבלי הבלים אַקעגען אַ מינדסטער המצאה, וואָס אַ מינדעס־טער הערליכער יוד — איך וועל שוין גאָר ניט רעדען פֿינ'ס רבי'ן — טוהט אויף מיטוואָך שבת'ענאַכטס! — אָט וועל איך אייך שרייבען איינינע חדושים פֿון אונזערע לייט, וועט איהר זיך נבהל ומשתומם ווערען, אונ וועט אַליין מחילה מודה זיין, אַז אייערע חקר'נישע מוחות זענען גאָר ניט אומשטאַנד משיג צו זיין אַזוינע פלאות'ן! —

שטעלט אייך, למשל, פֿאָר; אַ יוד שטעהט מיט אַ קוואָרט וואַסער איבער אַ פּאָמיניצע, איין האַנד האָט ער שוין געוואַשען אונ דיא אַנדערע דאַרף ער ערשט וואַשען — אונ דאָ איז דיא קוואָרט נאָר מיט 1 אויער. — איז דאָך ע"פ דין אַזוי: נעמען מיט דער געוואַשענער האַנד דעם אויער — טאָר מען ניט, וואָרען דער אויער איז זיך שוין טמא פֿון דער אומגעוואַשענער האַנט! זאָלמען ווידער אָננעמען מיט דער געוואַשענער האַנד דיא קוואָרט ניט ביים אויער? איז דאָך דאָ פֿאַראַנען אַ חשש; טאָמער וועט אָפּקאָפּען אַ טראָפּען פֿון דער געוואַשענער האַנד אין קוואָרט אַריין, אונ דער טראָפּען איז זיך שוין אַ טמא טראָפּען, היינט אַז ער וועט וואַשען דיא צווייטע האַנד — וואַשט ער דאָך זיא מיט מים טמאים? — אַודאי שטעהט נעביך דער יוד אין איינע אַנק־סטען מיט דער קוואָרט אין דער האַנד אונ ווייסט נעביך ניט וואָס ער זאָל טאָהן? אונ דאָ וויל ער נעביך עסען צום שטאַר־בען!... נאָ אדרבה, וואָס פֿאַר איין אויפֿטוה וואָלטען דאָ גע־קענט אַלע אייערע מגושמע הקרנים טוהן, אַז דער יוד זאָל זיך

פֿאַרשפּאָרען מוטשען? אַ יאָ בלאָטע !— אויך טפּשות׳ן זענין זייא בריה׳ס, מאַכען נאָך 18 טעלעגראַפֿען מיט 40 לאָקאָמאָטיוועו, וואָס מיט זייא, איז אַזוי גל׳ייך וויא אָהן זייא ! און בייא אַזא דבר גדול, בייא אָזא נייטיגען ענין וויא נטילת ידים — דאָ לאָזט זיך זייא אוים שכל ! — לאפוקי אָבער אונזערע לייט ; האָט זיך באַלד געפֿונען איינער, וואָס האָט ממציא געוועהן אַ קוואָרט מיט 2 אויערען ! . . . נאָ וואָס זאָגט איהר דארויף ? אַ יאָ איהר שטומט שוין!—וואַרט זשע; איך וועל אַייך נאָך עפּים ווייזען אַ חדוש נפֿלא, שטעלט אַייך פֿאָר למשל, אַ יוד האָרעוועט כמעט דאָס גאַנצע יאָהר פֿון פסח וועגען, און אַז סע קומט שוין דער ערב פסח מאָרדע־וועט ער זיך אָן מיט׳ן בני בית אַזוי וויא דיא רוחות ; ענדליך אַז ער קומט שוין אַ היים פֿון דער שוהל און טוהט שוין אָן דעם קיטעל און זעצט זיך שוין אויף דער עסבעט און איז מיד, צו בראָכען הונגעריג און שלייפֿעריג, און הייבט אָן אויסלעגען דיא קערה, בכדי ער זאָל שוין גיכער קענען האפען עפּים אַ ביסען— אינמיטען דערהינען, סטוי ! שטעהט ער שוין נעביך אָפשר אַ שעה מיט דער זרוע אין דער האַנד און ווייסט זיא ניט וויא אַנידער צולעגען ? צוא בצד ימין, וויא דער פוסק זאָגט? צוא בצד שמאל וויא יענער זאָגט ? — אַ נאָ מיינע ליעבהאַרציגע מאַשיניסטען, קלעהרט עפּים דאָ צוא אַיין המצאה, אַז יודען זאָלען זיך נעביך פֿאַרשפּאָרען מיטשען אַ סך ! חלעבען, עפּים אַ קליינקהייט דיא זרוע וויא צולעגען ? דאָס איז דאָך אַ־נ־ענין וואָס איז נוגע לטובת הכלל ! אַ סך ביליכער פֿון אַייערע 1000 מאָלאָטילקעס מיט וואָ־דאָפּראָוואָדען ! . . . אַ יאָ בלאָטע ! דאָ האָט אַייך אייער נאַרישער מוח אויסגעטריקענט ! -- לאפוקי אונזערע לייט — אַפילו גאָר אַ מתנגד — האָט באַלד ממציא געוועהען, אַז מע זאָל לעגען דיא זרוע אין דער מ י ט ט איז מען שוין יוצא ביידע דעות ! נאָ וואָס זאָגט איהר היינט ? דאַרפֿען מיר אַייערע שטותים, אַז איר קומט אַפילו ניט צון אַ מינדסטען מתנגד, ובפֿרט צון אַ חסיד, ובפֿרט

צום רבין אַליין ! — דאָ אַז איך וועל אַייך עפּיס דערצעהלען, וועט איהר זיך טאַקע ממש בטל ומבוטל ווערען כקליפּת השום מיט אַלע אַייערע חכמות ! . . . אָט למשל, נאָט אַייך אַזא מין זאַדאַטשע; שטעלט אייך פֿאָר אַזא שרעקליכען צושטאַנד : עס איז ווינטער באַנאַכט, דער פֿראָסט ברענט, דער שנעע ליגט אויף אַיין אייל פֿון ד־ר־ערד, אונ דער רבי מיט זיין מנין חסידים שטעהן אינדרויסען אונ וואַרטען ביז דיא לבנה וועט פֿון דער חמאַרע אַרויס — זייא זאָלען זיא מחדש זיין ; זייא וואַרטען אַ $^{1}/_{4}$ שעה, אַ $^{1}/_{2}$ — $^{3}/_{4}$ שעה ענדליך שוין אַ שעה אונ דאָ האָבען זייא זיך אַרויסגעחאַפּט פֿון דער מלוה מלכה נאָר אין איינע קאַפּטענדליך, הכלל זייא קומען שיר אום פֿון קעלט אונ דיא לבנה ווייזט זיך נאָך אַלץ ניט, אונ דאָ איז שוין דיא לעצטע נאַכט פֿון זמן קדוש לבנה ! . . . נאָ, איך פֿרעג אַייך אַליין, וואָס קענט איהר מגושמע פֿילאָזאָפֿען, דאָ אויפֿטיהן פֿאַר איין המצאה, אַז דיא נאַקיטע בידנע חסידים זאָלען ניט פֿאַרהילצערט ווערען פֿאַר קעלט ? (דער רבי האָט ניט מורא פֿאַר קעלט, וואָרען אַרימען רבי'ן איז זיך תמיד אַיין עמוד אֵש — צווייטענס גערט ער אין אַ גוטען פֿיקסענעם טיליפּ מיט וואַרימע פויסטען . . .) אַ יאָ, איהר שווייגט ! נישטאָ קיינער אין דער היים בייא אַזא גרויסען טיעפֿען ענין וויא קדוש לבנה ! — לאַפוקי דער רבי, זאָל לעבען, איז געשטאַנען אַקייגען 10 מינוט (נאָך דער שעה) שטאַרק פֿאַרטיעפֿט, אונ פלוצים האָט ער מיט אַ ווילדער חדוה אַ געשריי געטוהן «האַ האַ ! האַ האַ ! פלאות ! סיעתא דשמיא ! — מיר ווייסען זיך שוין לאַנג, אַז דיא לבנה איז אַ גדלן'טע ! והא ראיה, נאָך אין ששת ימי בראשית, האָט זיא שוין געהאַט אַ טענה צום אייבערשטען, אַז 2 מלכים קענען ניט רעגיערען אונטער איין קרוין . . . האַ האַ ! סיעתא דשמיא ! היינט אַז זיא איז יאָ אַזא גדלן'טע, לאָמיר זשע זיא צורייצען מיט רעד, אַזוי לאַנג, ביז זיא וועט וועלען דערווייזען, אַז זיא איז עלטער אונ שטאַרקער פֿון אונז ! — האָ האַ ! פלאות

הבורא! סיעתא דשמיא; — אַ נאָ קינדערליך זאָגט זשע מיר נאָך אַלע אינאַיינם: כשם שאני רוקד כנגדך ואיני יכול לנגוע בך כך לא תוכלי את לנגוע בי!... (אַזוי וויא מיר טאַנצען אַקיי־ גען דיר אונ מיר קענען דיך ניט אָנריהרען, אַזוי קענסטו אונז ניט אָנריהרען!...) איהר פֿאַרשטייט איין אויפֿטוה! אודאי אודאי האָט זיך דיא לבנה באַלד געיאָוועט אין איהר פּראַכט אונ גלאַנץ! נאָ איז דאָס גאָר פֿאַר אייערע קליינע מוחות? — וואַס נאָך אַ ווײלע וועט איהר מעהר נתפעל ווערען פֿון אונזערע לייט. — מאָהלט אייך; אין קאָדניע האָט זיך איין עושר אויסגעסטרויעט אַ מאָוער, אונ אַז דער מאָווער איז שוין לחלוטין פֿאַרטיג געוואָ־ רען, מע האָט זיך שוין בעדאַרפֿט אַריין קלויבען אין איהם, האָ־ בען זיך מן הסתם זאַנאַדעט אַהין שדים אונ האָבען דורך דיא נעכט געטאַנצט געשפרונגען אונ געוואָרפֿען מיט שטיינער, אַז ס'איז גאָר ניט געוועהן צו צוטרייטען צום הויז! — וויא דער שטיי־ נער איז, האָט דער בעל הבית געבעטען דעם קאָדניער מגיד אונ האָט איהם געגיבען אויף אַ פדיון 412 רו"כ, וויא דער מספר «בית» — דער מגיד איז געקומען אין מאָווער אַריין אונ האָט אָנגעהייבען צו בעשווערען דיא לייט מיט דיא שמות פֿון זיינע הייליגע אבות אונ מיט'ן שם הקדוש «ימפ"ו» (פֿולין זאָלען דיא אפיקורסים, וואָס זייא זאָגען, אַז «ימפ"ו» מאַכט.... מאה פעמים ואחד!... אַז זייא זאָלען דיא מינוט אָפּטרייטען פֿון דאָ־ נעט אונ זאָלען אַוועק פֿון יענער זייט סמבטיון!... נאָר דיא שדים האָבען דאָס ניט געהערט אונ האָבען בפֿרוש געזאָגט, אַז זייא וועלין פֿון דאַנעט ניט אַוועק, ווייל דער בעל הבית האָט, בעת סטרויען, אונטער דיא פּאָדוואַלענעס קיין שמירות ניט נעלעגט לכן איז דאָס אַ מקום טומאה, אונ דאָס איז דאָך פֿאַר זייא דאָס בעסטע אָרט!... נאָ אַדרבה, וואָס פֿאַר איין עצה קענט איהר, פּליישיגע חקרנים, גיבען, אַז מע זאָל דאָס הויז ניט דאַרפֿען אי־ בערברויען צוליעב דיא שמירות, אונ דיא ניט גוטע זאָלען פֿאָרט

קיין שליטה דערצוא ניט האָבען ? הא ? אַ יאָ איהר זענט שוין מודה אַז אַלע אַייערע נאַרישע מאַשינעס טויגען אויף כפרות אַ קייגען אַזא ענין וואָס איז נוגע לטובת הכלל. — לאפוקי דער קאָדניער מגיד ז"ל, מיט זיין גאָטליכער חקירה, האָט באַלד אַ זאָג געטאָהן צו איינעם פון זיין חבריא, ער זאָל איהם ברענגען אַ לילקע ציבעק מיט טיטון מיט אַ שווייבעלע. — דער מגיד האָט גענומען דיא לולקע מיט'ן שווייבעלע אין דיא האָנד אַריין און מאַכט אַזוי צום עולם: דאָס איז דאָך גלוי וידוע, אַז דיא שדים זענען קיין מאָהל ניט עובר שבועה האַ, האַ! לייבעדיגער טאַטע! אַצונד וועט איהר זעהען נפלאות הבורא! — און אַזוי ריידענדיג האָט ער זיך אומגעקערט צו דיא שדים בזה הלשון: איך באַשווער אייך, אַז איהר זאָלט גאָר אַוועקגעהען פון דאַנעט ביז איך וועל אויסרעכערן דיא לולקע טיטון און דער נאָך וועל איך אייך אַליין לאָזען דאָ הילען אויף תמיד! דיא שדים האָבען זיך סאַגלאַשעט דאָרויף און זענ'ן אַוועקגעגאנגען — נאָ, נאָ! וואָס טוהט דער גרויסער קאָדניער מגיד? — ער האָט גענומען דיא לולקע ציבעק ניט פאַררעכערטערהייט, און האָט זיא אַנידערגעשטעלט, טאַקע דאָרט אין אַ שאַפע אַריין, און האָט אָנגעזאָגט, אַז ווייל דאָס הויז וועט שטעהן, זאָלמען דיא לילקע ציבעק פינ'ם אָרט ניט ריהרען . . . איהר פאַרשטעהט, גראָבע קאָפף, אַזא געטליכע המצאה, אַז כל זמן דיא לולקע טוטין וועט ניט אויסגערעכערט ווערען — האָבען דיא חברה שדים קיין שליטה ניט צום הויז. . . נאָ, הייגט וואָס דאַרפען מיר אַייערע שטותים, אַייערע עולם הזה'דיגע מגושמע המצאות אַ קייגען אַזעלכע הימעל זאַכען! . . .

מיילא אַלץ קשה, וויזשע קומט עס, אַז אונזערע חז"ל זאָלען זאָגען «טוב תורה (ר"ל חסידות) עם דרך ארץ!» אַזוי האָב איך זיך אָפגעמיטשעט 25 יאָהר, איך זאָל מיר פאַרענטווערען דעם פריקרע מאמר, ע"פ שטת החסידות, און סע איז מיר אַלץ געבליעבען אַ פליאה — ביז ערשט אַ דאָ צוריק מיט אַ פאָאר

יאָהר, האָט זיך געמאַכט, דער רבי זאָל לעבען, האָט געמוזט אַנטלויפֿען פֿון יענער זייט גרענעץ, און אונזער גאַנצע חבריא האָבען מיר איהם באַלייט דעם גאַנצען וועג, איז אונז דעמאָלט גראַדע אויסגעקומען — דאָס ערשטע מאָהל אין אונזער לעבען — צו פֿאָהרען אויף אַ פּאַראָחאָד ; דער רבי זאָל לעבען, איז געליגען אין קאַיוטע, בחינת כהן גדול, לפני ולפנים — און איך מיט מיין שמריה'ן האָבען מיר זיך שטאַרק פֿאַרטיעפֿט קיקענדיג אין דער מאַשינע אַריין און ס'איז צווישען אונז נצמח געוואָרען אַ ווילדער וכוח: נאָ שמריה — האָב איך געזאָגט — זאָג אַדרבא, וואָס אידאָס ? — «זאָג דוא איציקעל, וואָס איז דאָס ?» — ניין פֿאַרקערט, זאָג דוא שמריה, וואָס אידאָס ? — «נייען אדרבא, זאָג דוא איציקעל, וואָס איז דאָס ?» — זאָג דוא שמריה פֿריהר, וואָס אידאָס ? נאַכדעם וועל איך זאָגען. — «זאָג דוא פֿריהר נאָכדעם וועל איך דיר זאָגען —» — וואָזשע וועסטו מיר זאָגען נאָכדעם ? «וואָס וועסטו מיר דען זאָגען נאָכדעם ?» — איך וועל הערען, וואָס דוא זאָגסט דאַרויף — וועל איך דיר שוין וויסען, וואָס צוזאָגען ! — «און איך וועל הערען, וואָס דוא זאָגסט דאַרויף, וועל איך דיר שוין וויסען, וואָס צוזאָגען !» — וואָס ווילסטו דען הערען פֿון מיר ? — «וואָס ווילסטו דען פֿון מיר הערען ?» — וויא הייסט ? איך וויל הערען פֿון דיר, וואָס אידאָס ? — «און איך וויל הערען פֿון דיר, וואָס איז דאָס ? . . .» — אַזוי האָט זיך אונזער וכוח אַוועקגעצויגען אַקייגען אַ $^1/_2$ שעה אויפֿן זייגער, אַז דער קאָפּף איז אונז אַזש געגאַנגען חאָדאָראָם פֿון גרויס חקירה ! . . . ביז בייא מיר איז געבליבען בהסכם, אַז דאָ ליגט אַוודאי עפּיס אַ כח הטומאה פֿון דער סטרא אחרא, און מע האָט דאָ גאָר ניט, וואָס צוקלעהרען אַ סך ! — נאָר מיין שמריה ע"ה האָט זיך שטאַרק פֿאַרטיעפֿט און מאַכט אַזוי צו מיר, בזה הלשון : הערסטו איציקעל, אָט דיא אַלע רעדער מיט דיא שאַלאַמויזען וואָס דוא זעהסט זיך דאָ דרייען, דאָס איז נאָר לפנים, אָבער טיהן, טיהען זייא גאָר ניט ! און דער

גאַנצער כוח, וואָס שטופּט אָט דיא גאַנצע מאַחיניע ליגט גאָר אין אַ טיעפֿען סוד! היינו; דוא ווייסט זיך מן הסתם דיא מעשה פֿינ׳ם בע״ש ז״ל, וויא אַזוי ער האָט אַ מאָהל, אין וועג, איבערגעשפּרייט זיין גאַרטעל איבער אַ גרויסען טאַך אונ איז אויף איהם אַריבער דאָס וואַסער. — נאָ, גאָ, איצט איז דער מדרש לויבענדיג! אַודאי האָבען דיא שוטים, דיא חקרנים, אויך געהערט דיא מעשה, אונ האָבען זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר חסידים אונ זענין געקומען ביינאַכט צום בע״ש ז״ל, קלאָמערשט זיך בענטשען, אונ האָבען אין איין וועגס צוגעגנב׳ט אָט דעם גאַרטעל (דער בע״ש איז דיא נאַכט גראָדע געוועהן אין מוחין דקטנות, בחינת יהושיע—פּני־לבנה האָט זיך איהם געטראָפֿען דיא אייגענע זאַך וואָס יהושיע׳ן מיט דיא גבעונים. .) נאָ, נאָ — וויא מיינסטו? זייא האָבען באַלד דעם גאַרטעל צושניטען אויף אלפי אלפים ורבבות שטיקליך אונ אונטער איטליכער שיעף האָבען זייא אונטערגעלאָטעט אַ שטיקעל גאַרטעל — אונ דאָס טרייבט שוין דיא שיעפֿען אופֿן וואַסער אַפֿילו קיין בובעריק!... — דער איינפֿאַל איז מיר שטאַרק אַריין אין האַרץ אַריין, אונ איך האָב עס אָנגענומען פֿאַר איין אֶמת גמור, וואָס מע האָט שוין גאָר ניט, וואָס מסופּק צו זיין! — נישמער מיט׳ן וועג האָט זיך אונז ווידער געמאַכט גראָדע צופֿאָהרען מיט׳ן אייזענבאַהן אויך, אונ אַז איך האָב זיך אַנגעקוקט אין דעם לאָקאָמאָטיוו, האָב איך אַ געשרייא געטוהן צו מיין שמריה׳ן ע״ה, מיט אַ ווילדער פליאה: נאָ שמריה וואָס זאָגסטו איצט? — דעם בעש״ס גאַרטעל איז דאָך נאָר מסוגל צו שטופּען אויפֿן וואַסער, אָבער דאָ שטופּט זיך גאָר אויף דער יבשה! — מיין שמריה האָט זיך אויף אַ $1/4$ שעה פֿערטיעפּט, אונ דערנאָך האָט ער געשוואָרען בייא באָרד אונ פאות, אַז אַזוי וויא דער רבי פֿאָהרט דאָ—איז דאָס אַודאי קפיצת הדרך! — נאָר גדליה האָט איהם פֿאַרהאַפּט דיא שבועה, אונ האָט אונז געגעבען צופֿאַרשטעהן, אַז דאָס גאַנצע שטופּעניש איז נאָר דערפֿאַר,

ווייל דיא גאַנצע ליניע רעלסען זענין אונמיסטען געלעגט געוואָרען משופּע, אַזוי, אַז ווען מע טוהט נאָר דיא וואַגאָנעם 1 שטופּ פֿינ׳ם אָרט, לויפֿען זייא שוין מיט דעם אימפּיד גאָר אָהן איין אויפֿערעכץ!... «סטאַטש, האָט זיך שמריה ע״ה אַ חאַפּ געטוהן — וויא אַזוי זשע לויפֿען דיא וואַגאָנעם ווידער צוריק טאַקע אויף דער אייגענער ליניע? —» הערסטו — האָט גדליה אַ מאַך געטוהן — וואָס פֿאַרשטייסטו דאָ ניט? מן הסתם שטעהן שוין ביי ביידע עקען ליניע אַ פּאָאר מנינים וואָס זייא הייבען אויף דיא ליניע אונ לאָזען זיא אַראָפּ אויף היען אונ צוריק... «ע...ע...ע—האָט זיך פּלטיאל, מיין פֿעטערס איידעם, אָנגערופֿען — גדליה איז שוין אויך געחאַפּט אין חקירה ר״ל! — נאָך מיין חות דעת נאָך, איז דאָס אינגאַנצען אחוזת עינים אונ סע האָט קיין ממש ניט אין זיך דאָס גאַנצע לויפֿען! — «סטייטש, שרייט נחום — מיר זעהען זיך בחוש אַז סע האָט יאָה אַ ממש! וואָה ראיה, האָט איז דאָך פֿון זאָדקיוועץ קיין קאָנעלע אַ מהלך פֿון 30 פּרסאות, אונ מיר זענין געקומען קיין קאָנעלע במשך 1 שעה!... ? — הערסטו — זאָגט פּלטיאל — דאָס אַליין איז אויך אחוזת עינים אונ סע האָט קיין ממש ניט! — סטאַטש שוטה — בייזערט זיך גדליה — איך האָב זיך אַליין געקוקט אויפֿן רבינ׳ס זייגער, אונ סע איז פֿאָרט אַזוי? — הערסטו — האָט פּלטיאל אַ מאַך געטוהן — אונ אַ זייגער איז דען ניט אַ=נ=ענין פֿין אחוזת עינים! ? וויא פּלטיאל האָט דאָס נאָר אויסגערעדט, אַזוי איז דיא מינוט אַרויס, אונזער שלום שכנא, אַזוי וויא אַ דונער: רשע איינער! אפּיקורס איינער! נאָך דיינע רעד נאָך, טראָגט דער רבי אַ שקר אין בוזעם קעשינע? האַ?! — אַי שוטים, שוטים! וויא איז אַייער שכל אַהינגעקומען, אַז איהר שפּאַרט זיך איבער אַזאַ טפשות, וואָס אַ תנוק בן יומו קען עס אויך פֿאַרשטעהן! — מיר האָבען באַלד אַלע אויסגעגלאָנצט דיא אויגען אויף אונזער שלום שכנא׳ן, וואָרען מיר האָבען איהם אַלע געוויסט פֿאַר אַ פלאַמפֿייערדיגען חסיד אונ אַז ער זאָגט, מן הסתם ווייסט

ער וואָס ער זאָגט... שלום שכנא האָט אַביסעל פֿאַרקנייטש דעם שטערען, פֿאַרגלאַנצט דיא אויגען אונ מאַכט אַזוי צו אונז בזה הלשון: שוטים, שוטים! איהר זעהט זיך, אַז דיא אַלע מאַשינעס לויפֿען נאָר מיטן כח פֿינ׳ם רויעך (פֿאַרע) נאָ, היינט, וואָס חדוש׳ט איהר זיך דאָ? וואָס ווינדערט איהר זיך אַזוינס? וואָס רויעך האָט אין זיך אַזא כח, צו שטופּען אלפי אלפים ורבבות פוד משא? האַ? — איי, איי, וויא זענין אייערע אויגען? באַרעכענט זיך נאָר גוט; פֿון וואָסער אַ מקור קומען דען דיא אַלע מאַשינעס? פֿון וואַנעט האָבען דען דיא רשעים, דיא חקרנים גענומען, אַז רויעך האָט אין זיך אַזא כח צו שטופּען אַ וועלט מיט משא? האַ? פֿון וואַנעט? מן הסתם פֿינ׳ם רבי׳ן זאָל לעבען! אונ איהר זעהט עס אַלע טאָג גלייך מיט זייא, אונ איהר בעמערקט עס גאָר ניט! אוי לאותה בושה! איהר זעהט דען ניט אַלע טאָג, בעת פראַווען דיא קוויטליך, דעם רבינ׳ס לולקע ציבעק? האַ? — נאָ שוטים! אָט דאָס איז דאָך דיא ערשטע דאַמפף מאַשיענע אין דער וועלט וואָס מיט איהר כח טראַנספּאָרטירט דער רבי, אַלע טאָג, דיא זינדיגע נשמות, דיא תפלות אונ בקשות אין הימעל אַריין, אונ בעציהט ווידער, דורך איהר, שפע ברכה הצלחה אויף דער וועלט אַראָפּ! — מיט דעם כח באַוועט ער נייע עולמות אונ מאַכט זייא חרוב, מיט דעם כח קען ער איבעראַנדערשען דיא גאַנצע נאַטור! — דיא לולקע ציבעק איז אַ פּאָטשט צווישען איהם אינ׳ם מלאָך מיכאל! זיא איז אַ טעלעגראַף צווישען איהם אונ קוב״ה — זיא איז אַלעס אונ אַלעס איז אין איהר!... נאָ, היינט וואָס חדוש׳ט איהר זיך, שוטים, אַז רויעך קען שטופּען טויזענטער פוד גשמיות׳ן? אָט זעהט איהר זיך אַז רויעך קען שטופּען רוחניות׳ן אינם עולם האצילות אַריין, אונ זיין כח איז גאָר פֿול דיא וועלט! — יאָ, יאָ, ברידערליך! פֿינ׳ם רבינ׳ס לולקע איז געוואָרען דיא אַלע טויזענטער דאַמפף מאַשינען, וואָס פ׳איז גאָר אַ פּשוטו צו חדושען זיך אויף זייא!... — שלום שכנא׳ס ווערטער האָט אונז אַלע

שטארק פריטשמעלעט דיא קאפף, און דעמעלט האבען מיר זיך ערשט ארומגעקוקט, וויא מיר זענין אין דער וועלט, און ערשט דעמעלט איז מיר פארענטווערט געווארען דער מאמר «טוב תורה — ר"ל חסידות — עם דרך ארץ» ווארען ווען ניט דרך ארץ, סע הייסט ווען איך זאל ניט געוועהן באלייטען דעם רבי'ן און זעהען דיא אלע וועלט זאכען, וואלט איך זיך אייביג ניט גע-וויסט, אזא טיעפען גרויסען ענין פון דעם רבינ'ס לולקע! און טאקע אין דער מינוט, האבען מיר זיך, דיא גאנצע חבריא, צו-נויף גענומען, און מיר האבען פון גרויס התלהבות געזונגען דעם דאזיגען אל"ף בי"ת, לכבוד דעם רבי'ן מיט זיין געטליכער לולקע — קדוש!

א נייעם א נייעם!
ביז אהער געספק'ט אומזיסט!
געזוכט פאלשע ראיות. —
דעם אמת ניט געוויסט!
היינט זעהט מען דיא פעולה
וואס דרך ארץ ברענגט
זאנסט וואלטען חלילה
חסידים גאר ניט געדענקט
טובת הכלל צו האבען אין זין
יודען דיא זאך צוערקלערען
כדומה למשל וואס פון —
לולקע-רעבערען קען ווערען...
מיט א פשוט ביסעל רויעך
נאר בעת ס'ליגט דאס פדיון געלט
סכנות איז דעמעלט דעם רבי'נס כח
ער קען איבערקערען דיא וועלט!
פון דעה לולקע האט זיך גענומען
צעהנטויזענטער דאמפף מאשינען
קיינעם איז אופן שכל ניט געקומען
רעשען דעם סוד וואס אינדערהינען!
שעמט אייך חקרנים מיט אייערע המצאות
תנו תודה לרבנו העושה נפלאות!..

---

# איבער גאליציער יודען

ווער פון אונזערע לעזער, האט זיך ניט אנגעהערט, פון זיינע עלטערען, מעשות וועגען א חמילל, א גאנטע, און בכלל וועגען דיא אלטע פוילישע מאגנאטען מיט זייערע סאנדעס, וויא דער האט דעם רענדאר געצווינגען אויף דערהינען, דער האט זאס-

טאַוועט מאָשקען ער זאָל איהם שווימען אויפֿן פּאָלל, איצקע זאָל זינגען מה יפית — חאָטש ער איז אַזא מנגן וויא אַ יודישער רעדאַקטאָר איז אַ פּאָליטיקער.. יאָסקע זאָל זיך לעגען צווישען זיין פּסאַרניע הינד, פֿישקע זאָל שיסען דיא אויסגעמאָהלטע קאָטץ אויף דער וואַנד און קוים האָט מאָשקע, איצקע, יאָסקע און פֿישקע ניט מקים געוועהן דיא אונמאָגליכע פריקאַזאַניעס, זענין זייא שוין ניט זשעדנע געוועהן אין שמיטץ, פּעטש מיט קוליקעס אַזוי וויא אַ ליטווישער רב איז ניט זשעדנע אין שאלות אויף אַ גערשטען אינ׳ם הינדעק,דעם ערשטען טאָג פּסח... היינט וועלכער אַמהליגער פּולישער רענדאַר האָט ניט געהאַט בייא זיך אַ פֿאַרגראָבען קריסטליך קינד צום ערשטען סדר? — אַ רענדאַר אָהן אַ געפֿינען טויט קינד האָט שוין דעמאָלט אַזא פּנים געהאַט אָקוראַט וויא אַ גומער המגיד אָהן איין עגונה, צו וויא אַ בלאַט הצפירה אָהן «ידיעות העולם והטבע» נישמער ניט דאָס בין איך זיך אויסען, איך מיין נאָר אַז יעדער ווייסט פֿון דיא אַלטע ביטערע מעשות און קיינער וויל זיך דיא מיה ניט אָנטאָהן, ער זאָל חוקר ודורש זיין אויף דער אורזאַכע, וועלכע זיא האָט געבראַכט דעם פּאָלאַק צו אַזא געפֿאָהרליכער שנאה אויפֿן יודען?! — וואָרען אַזוי וויא מיר ווייסען אַלע פֿון דיא אַלע געברויענטע ליידען, וואָס דיא פּאָליאַקען האָבען אונז אָנגעטאָהן, אַזוי ווייסען מיר ווידער אללע, אַז זינט דיא יודען האָבען זיך אַריינגעקליבען קיין פּוילען, ביז ערשט ניט לאַנג, האָבען יודען נאָר פֿינ׳ם פּאָליאַק געלעבט, קינדער שיין חתונה געמאַכט, קהלישע ענינים אויסגעהאַרטען גוטע יודען מיט זייערע שייקעס אָנגעפּרעסען, אָנגעזויפֿען, באַקלייד, בעגייט און בערייכט; דיא גרעסטע האָנדעלס־אָפּעראַציען געמאַכט, פֿאַרזאָרגט מיט פֿויגל מילך און נאָך קאַפּיטאַלען אויף צונויף געשלאָגען, און נאָר פֿון וועהמען? פֿינ׳ם פריץ? — דאָס ווייסען מיר אויך ווידער פֿון דער אַלטע וועלט געשיכטע, אַז דיא געזעלשאַפֿט, דיא סעקטע צו דיא נאַציע, וואָס מע האָט גלאַט פֿיינד געהאַט אַנטיפּאַטיש, שנאת חנם,—איז ניט נאָר דאָס געוועהען

דיא הויפּט בייא דיא שונאים, וואָס זייא האָבען אונטערדריקט און גמוטשעטש דעם פֿערפֿאָלגטען. — ניין! דיא הויפּט איז געוועהן, וואָס זייא האָבען איהם לגמרי גאָר פֿאַראַכטעט, צוגענומען בייא איהם אַללע לעבענס מיטעל און איהם אויסגעמעקט לחלוטין — ניט נאָר פֿון פֿיעלע בירגערליכע רעכטע — נאָר זאָגאַר פֿון פּראָוואָ מענטש! — למשל, דיא פּאַריעס אין אינדיען, דיא עובדי אַדמה אין קיטייא, דיא נעגער אין אַמעריקא דאָ ניט לאַנג, וכדומה. אַזעלכע פֿאַקטען געפֿינען מיר אַ סך אין דער איסטאָריע, וועלכע זייא ווייזען גאַנץ גענוג אויף מיינע רעד, אַז אין דיא פֿריהריגע צייטען האָט דער אַנטיפּאַטישער פֿערפֿאָלגער זיך נאָר אַזוי נוהג געוועהען מיט זיינע פֿערפֿאָלגטע, און נאָר מיט אַזא מעטאָדע זענען זייא געגאַנגען, אַז מע דאַרף דעם אונטערדריקטען — חוץ מוטשען און אונטערדיקען — גאָר לחלוטין האַלטען פֿאַר איבעריג אויף גאָטס ערד!... אַזוי פֿלעגען זיך אַלע אוראַלטע הערשענדע פֿעלקער פֿיהרען מיט זייערע אונטערדריקטע, וועלכע זייא האָבען פֿיינד געהאַט גלאַט שנאת חנם, און אַזוי האָבען זיך דיא מצרים מיט אונז אויך געפֿיהרט. — נאָר בייא דער הנהגה, וואָס פוילען האָבען זיך מיט'ן יודען נוהג געוועהן, זעהען מיר גאָר עפּיס איינע בעזאָנדערע ערשיינונג, וועלכע זיא איז ווידערשפּרעכענד אי דער טעהאָריע אי דער פּראַקטיקע! נאָך אַ מאָהל; פֿיינד צו האָבען און דאָך איהם צוטהיילען אַלע לעבענס תענוגים? הרגנען, שלאָגען — און דאָך איהם צושאַרען טויזענטער? מאַכען פֿון איהם דעם גרעסטען חוזק און פֿיהרען מיט איהם זיינע געטגרעסטע געשעפֿטען? — זידלען, שמוטצען — און דאָך איהם געטרויען זיינע אימעניעס, זיין פֿערמעגען?... אָט דאָס איז עפּיס אַ נייע מין שנאה! אָט דאָס איז עפּעס איינס פֿון דיא וועלט רעטענישען!

איך ווייס אַפֿילו דיא תרוצים וואָס אַ סך יודען זוכען אויס אויף דער אַייזערנער קשיא; איינינע זאָגען אַזוי: דער פּאָליאַק האָט טאַקע דעם יודען אויך פֿיינד געהאַט גלאַט שנאת חנם פֿון דער התחלה אָן, נאָר וואָס דען? דעם אַמאָהליגען פּריץ איז גלאַט זעהער גוט געוועהן אויפֿן האַרץ און ער איז פֿון וואוילטייג שיר משוגע

געוואָרען, האָט ער זיך דאָס געפֿונען פֿאַר אַ פּאַטיעכע, זיך שפּיעלען, רייצען שלאָגען זידלען אונ אויסלאַכען דעם יודען אונ דערנאָך שיינקען איהם דערפֿאַר טויזענטער! — איינינע זאָגען אַזוי: דער פּאָליאַק האָט געמוזט אַלע זיינע געשעפֿטען פֿיהרען מיט'ן יודען, ווייל דער יוד איז איין פֿויגעלדיגער קאָפּף, אונ צוליעב איהם האָט ער אויך פֿערדיענט אונ אַלע זיינע פּראָדוקטען אויסגעבראַכט! מיילא דער ערשטער תרוץ איז זיך שוין אויפ'ן אָרט פֿאַלש; איין מאָהל, פֿון וואוילטייג טוהט מען אַ מאָהל אַ שטיפּ, 2 מאָהל, 3 מאָהל, אָבער ניט דאָס גאַנצע לעבען אונ סע זאָל אפּקאָסטען פֿאַרמעגען! צווייטענס, מיט דעם וואָס מע האָט פֿיינד שנאת חנם, שפּיעלט מען זיך ניט; מיט דעם מאַכט מען קיין לצנות ניט אום דיא צייט צופֿערטרייבען. — נאָר איבערען צווייטען תרוץ איז שוין דאָ אַ סך צורעדען. — מיילא אַז דער יוד איז איין פֿויגעלדיגער קאָפּף, דערפֿון איז געווים קיין רעדע ניט.. . וואָרען וויא קען מען דען אַנדערש זאָגען? מיר זעהען זיך עס אָרוים בעשאַנפערליך וויא גרויסע ספּעקולאַנטען, נעגאָציאַנטען, באַנקירס, פּאָדראַטשיקעס פֿון יודען, וועלכע, בוז זייער אַריין קריכען אין דיא פֿעדערען האָבען זייא זיך מחילה אַפֿילו אויף פּראָסט גאָט'ס יודיש ניט געקענט חתמה'נען, אונ קוים זענין זייא אַריין אין גרויסען טראַסק, אַזוי לעהרנען זייא זיך שוין אוים, אין איינע 8 טאָג אונטערשרייבען אויף אַלע שבעים לשונות!... וואָס? ס'איז אָפּשר אַ ליגען? היינט חתמה'נען זיך דאָך דיא גרויסע (עם הייסט דיא קאַרבאַטשניקעס...) נאָר אויף ראשי תבות; למשל, אַז ער הייסט, צלאל פּאָמפּע, צו חיים פּראָבקע, צו לעזער פּאָטיליצע, חתמה'ט ער זיך: צ"פ, ח"פ, ל"פ! — נאָ, מאָהלט אַייך, ווער וועט זיך סמייען צו קוקען; ווען דער גרויסער ר' צלאל פּאָמפּע וואָלעט אַנידער זיין חתימת־לאַפּע, אויף ראשי תבות, אַז זיין «צ"פ אויף יודיש, צו זיין Ц. П. אויף רוסיש, צו זיין Z. P. אויף פֿראַנצאַזיש, איז אַקוראַט אַזוי אוים געלעגט וויא שבת'דיגע חלה אין אויוועו;

קוילעטשען, קוילעטשליך, קיכענדליך, י"ב חלות־פייגעליך און קינדערשע פלעכטליך!... צו אזוי אויסגעשטעלט וויא כהנים צום דוכ'נען; א לאנגער כהן, א קליין כהנ'דל, א פוזאטע כהן, א דינער כהן און א אומגעלומפערטער כהן גדול! — אי דאס מוזט איהר ויסען, אז צו יעדען מאהל תתמה'נען, פארגעסט זיך אונזער גרויסער ר' צלאל, וויא אזוי דיא פאליעס צושלאגען. — מוז ערשט פריהר זיין בידנע בוכהאלטער אויסמאהלען זיין צ"פ־הערב, דערנאך מוז ער נאך, מיט זיין בוכהאלטערסקי אויסגעדייוורט הענטעל ארומפיהרען ר' צלאל'ס לאפע אויפ'ן פאפיער, וויא דיא מויז האט אונטערגעשטופט חיים חייקעלס ספאדעק.. און אונזער גרויסען ר' צלאל'ס לאפע איז דאך, מן הסתם, פונקט וויא א צירקעל, א יא? וויא דען? מן הסתם פארקריכט זיא פונקט פון מיטוואך אויף סמעטענע.. און ערשט נאך אלע היום'ס מוז עס דער בוכהאלטער נאך צופוטצען, אויסגלייכען צושרייבען, אפקריטצען און פארגלעטען, ביז סע גערהט ארויס א צ"פ כמעט גאר א נייער, עס הייסט, טאקע דעם בוכהאלטערס — נאר פאסקודנע... לע"ע האב איך אייך דערוויזען, אז אין 8 טאג לעהרנען זיך אויס אונזערע גרויסע שרייבען אין אלע שבעים לשונות! — איי וואס? איהר דערקענט ניט אין זיין חתימה, צו איז דאס אותיות צו א הערשענהארען? — אלא מייא ער רעדט שון אויף אלע שבעים לשונות, און איהר דערקענט ניט אייביג צו רעדט דאס א מענטש, צו הערזשעט עס א זשערעבעץ?... פריטא זעהט איהר דאך, אז ער האנדעלט זיך אוים מיט יודען, רוסען, דייטשען, פראנצויזען און ענגלענדער, און אלץ אויף דער שפראך! נא, זעהט איהר שוין ארוים זיין פויגעלדיגקייט אין טעהאריע! און פון פראקטיקע איז דאך קיין רעדע ניט! וואס? איך דארף אייך נאך ראיות געבען דארויף, אז דאס שווערסטע און דאס פרעמדעסטע געשעפט פאסט דער יוד אין 2 שעה, גלייך ער וואלט שוין דעם מסחור 20 יאהר געפיהרט! אפשר ניט אמת?... הא?... אין א משך פון 8 יאהר

מאַכט אַ יודישער וועלטליכער יונגער מאַן איבער אַכטערלייא מסחרים, וואָס אייגער מיט'ן אַנדערען קער זיך אַזוי אָן, אַזוי וויא דער בעל השחר מיט זיין רומעניער מיססיא... און דרייט זיך פֿאָרט אוים אַ קבצן!... נאָ מיילא, דאָס איז ער זיך ניט שולדיג, עשירות איז בייא גאָט... אָבער 8 מסחרים האָט ער זיך דאָך דורך געמאַכט: אַ האָבערניק, אַ קאָלעקטאָר, אַ שקאָנטע-מייקלער אַ טאָנדייטניק, אַ מחברים-פֿאַקטאָר, אַ טעננאָר-שטופּער, אַ פֿעל-שער-בעזובער און אַ האָלץ-פֿיהרער! נאָ, זענט איהר שוין איבערצייגט, אַז דער תרוץ פֿון פֿויגעלדיגען קאָפּף, איז ניט זעהער קיין גוטער תרוץ אַקייגען דעם פּאָלאַק מיט'ן יודן? הא? שפּעטער וועל איך אייך ווייזען נאָך פֿעטטער וויא אַזוי דאָס איז קיין תרוץ ניט... דערווייל לאָמיר אַביסעל שטיסען פֿון פּאָליטיקע:

# בית-מדרש-פּאָליטיק

## טעלעגראַממען.

**חברון**, דעם צעהן און צוואַנציגסטען חודש קי-עמעניץ:

אויפֿ'ן טשיטשעלניקער ערוב, סאַמע נאָך ברכו איז אָנגע-קומען אַ דעפּעשע, אַז דער תוגר מיט ישמעאל'ען האָבען אַ מפּלה אַנגענומען פֿון דיא בני משה! דיא דאָזיגע מלכותים מאַכען מיט זייא יחלוקו: חרום מלך צור נעמט צו אַ שטיק תוגר; הגרגשי'ן-ל'אַנד — אַ פיידע ישמעאל; דער פּאַשאַ פֿון גושן — אַ היבשען חלק סולטאַן; דיא מלכת שבא נעמט כמעט צו אַ האַלבען טערק און דיא בני משה שלעפּען אַריבער גאַנץ סטאַמבעל איבערען סמבטיון.

**האַריעוו** 22 חלקים אויף 18 און 13:

באַנאַכט אַרום חצות, האָט מען דעם האָריעווער רב עקספּע-דירט קיין פֿהילאַדעלפֿיע אויף דער וויסטאַווקע! אַרויסגעפֿאָהרען איז ער אויף צפֿת-קדש-ברנע'ער-ליניע מיט 2 שפּאָגעל נייע לאָ-קאָמאָטיווען; איינער פֿינ'ם אַלטענס פערצעלייענער לולקע און איי-נער פֿינ'ם אָחרימעווער מקוה-סאַמאָוואַר! — אויפֿ'ן וועג וועט ער

אָפּשטייגען אויף אַ גרויסער מילטער אין בערדיטשעווער פּאָמיעס,
און וועט שוין אַזוי גלייך שווימען מיט דער קאַליזשע, ביז ער וועט
אַראַנפּאַלען אין ים המלח אַריין, און פון דאָרט וועט איהם שוין
דער ים אַרויסוואַרפען גלייך אין פהילאַדעלפער הקדש אַראַן !
**צרפת**: דיאפראַנצויזען האָבען געשיקט אַ שליח מיוחד צו אונזער
באָדי-פּאָטשטאַליאָן, ר׳ לעב וואָלציעס, ער זאָל אָננעמען דאָס בוררות
אויף פרנס חודש צו ווערען בייא די אָרלעאַניסטען, נאָר ר׳ לעב
הערט זייא וויא דעם קאָטער, וואָרען ס'איז אַ גרויסע סברא, אַז הענ׳,
דיא געוועזענע מלכה.. האָט צו איהם שוין לאַנג געשיקט דעם תל=
תלפיות מאַרשאַל פּאַר אַ שדכן, און זיא וויל איהם נעמען אַפילו
גאָר אָהן בעטגעוואַנד ! אַיי וואָס ? אונזער ר׳ לעב האָט אַ פלונית׳טע?
עט ! דאָס איז גאָר אַ קלייניקהייט ; זיין פלונית׳טע האָט מען נאָך
פּאַר 2 וואָכען אַנגע׳אַדען פּאַר אַ ניאַנקע צום 6 יאָהריגען מלכות׳ל
פון חינאַ, און ר׳ לעב האָט זיא נאָר דערפאַר ניט געלאָזט פאָהרען,
ווייל דאָס 5=יאָריגע סטאָלענער צדיק׳ל דאַרף נייטיגער פון איהם
אַ ניאַנקע... דאָ קאָן אַפילו נצמח ווערען א ווילדע מלחמה, נאָר
ר׳ לעב האָט דערווייל אַ=נ=עצה געגעבען, אַז נאָך פּאַר זאַרעז זאָל
שוין דאָס סטאָלענער צדיק׳ל שיקען זיין הויפּטגעזאַנדטען, דעם
טוריעווער רב, גלייך קיין חינא מיט אַ גרויסער מתנה, טאַקע דעם
צדיק׳לס אַ העמדעלע (קיין פלודערליך טראָגט ער נאָך ניט, טאַ=
קע אַלץ מהיי טעמא, וואָס ער האָט נעביך קיין ניאַנקע ניט...) און
דער טוריעווער רב זאָל אַזוי אונטערווייל'עכס אויסנאַרען ביים
מלכות׳ל דעם מפתח פון חינא׳ר קרעפּעסט — אַזוי, אַז ווען דאָס
סטאָלענער חיל וועט קומען אַ תחום שבת פאַר חינא, זאָל זייא
דער רב שוין איבערגעבען דעם מפתח, אַז זייא זאָלען קענען אַריין
אין דיא טעווערען ביד רמה, אויפ׳ן וואָרהייט ! (מיט׳ן רבינ׳ס נגון)
ווער ווייסט וואָס דערפון קען חלילה נצמח ווערען ? דערווייל
שווייגט נאָך דיא יוזעפּעווער פּרעסע דערפון, און וואָס דיא צייט
וועט ווייזען דאַרויף בין איך קיין נביא נוט ! —

# פראָנומעראַציאָן !

כפי המודעה אין מיין קאַלענדאַר, איז דאָס ביכעל דאָס ערשטע פֿון מינע 12 העפֿטע, וועלכע איך וועל אַרויס געבען במשך דאָס יאָהר (פֿון יעצט ביז סענטיאַבר 1877) יעדעס אין אַזעלכע 4 דרוקבויגען אין אַזא פֿאָרמאַט. — לכן ווער עס פֿערלאַנגט נאָר צו האָבען אַלע מיינע 12 העפֿטע, הן פֿון דער פֿרעמד והן טאַקע אין אדעססאַ זאָל מיר אין גיכען מודיע זיין ע"י מכתב, מיט געלט, לפחות פֿאַר 6 העפֿט פֿאָראויס, און לכל הפּחות, פֿאַר 2 העפֿט; אַזוי, אַז תמיד זאָל איך האָבען ערהאַלטען האָטש פֿאַר 1 העפֿט פֿאָראויס, בכדי איך זאָל תמיד בעמיטטעלט זיין צום דרוקען דאָס וויטערע העפֿט. —

די פּראָנאָמעראַציאָנס־פּרייזען זיינד פֿאָלגענדע:

פֿאַר אַלע 12 העפֿט, אָהן פּאָרטע און צושטעלונג. 2 רו'כ

פֿאַר — 6 . . . . . . . . . . 1 רו'כ

וואָס וועניגער פֿון 6-קאָסט שון יעדעס העפֿט צו 20 קאָפּ'.

אַנשטאָט קליין געלד קען מען שיקען מיט פּאָסט־מאַרקען, אָבער נאָר פֿון 8 קאָפּ'; אויף אַדרעסס:

פּאָרטע און צושטעלונג צו 4 קאָפּ' פֿון יעדען העפֿט.

И. О. Линецкому на Базарной ул. д. М. Шполянскаго. № 56 въ ОДЕССѢ.

## פערטיידיגונג

איבער פֿיעלע אורזאַכען האָט דאָס ערשטע העפט ביז יעצט ניט געקענט ערשיינען, כל ההתחלות קשות! פֿון יעצט אָן און וויטער וועלען שוין די העפֿטע געהען כסדר, אַזוי, אַז במשך השנה וועט דער אַבאָנענט זיכער האָבען זיינע 12 העפֿטע בשלמות.

אַללע מיינע פֿריהריגע ביכער וויא: דאָס פוילישע יונגעל, בייזער מאַרשעליק, משלחת, וועלט־לוח, כלבוניק, און דער פּראַקטישער קאַלענדאַר, איז בייא מיר תמיד צו בעקוממען צו זעהער ביליגע פּרייזען.

לינעצקי.

# ЗАПИСКИ ЛИНЕЦКАГО

**первый выпускъ**

# ДЕРЪ ПРИЧЕПЕ

критическія и юмористическія статьи

ОДЕССА.

1876.

# ליניעצקים כתבים

דאס ערשטע העפט

## דער פריטשעפע

קריטישע סאטירשע אונ הומאָריסטישע מאמרים אונ געדיכטע.

אדעסא

שנת תרל"ו לפ"ק.

נאכדרוק שטרענג פערבאטען!

# ליניעצקי'ס כתבים

דאס צווייטע העפט

# דער סטאַטעק

קריטישע סאַטירישע און הומאָריסטישע מאמרים און קאַרטינעכ.


אדעסא

געדרוקט בייא ל. ניטצע.

שנת תרל״ו לפ״ק.


# ЗАПИСКИ ЛИНЕЦКАГО.

Выпускъ второй

## ДЕРЪ СТАТЕКЪ.

Юмористическія и сатирическія статьи.


ОДЕССА

Въ типографіи Л. Нитче.

1876.

Дозволено цензурою. — Одесса, 17 Сентября 1876.

# אינהאלט:



מיין אַדרעססע:
И. О. линецкому на Базарной ул. д. Шполянскаго № 56
въ ОДЕССѢ.

# וואָס וויל איך ?

א סך פֿרעגען מיך — בעת איך לעג זייא פֿאָר, זייא זאָלען זיך אבאָנירען אויף מיינע כתבים — וואָזשע איז דער אינהאַלט פֿון דיא כתבים ? וואָס פֿאַר נייעסען שרייבט איהר דאָרט און וואָס וויללט איהר מיט דיא כתבים ? — מיילא גלעבט מיר, מיינע ליעבע לעזער, אז 10 פעטש זייא זאָלען מיר בעסער גיבען, וואָלט מיר א סך ניחא'ר געוועהן איידער אזעלכע קשיות צוהערען ! וואָרען אין אמת אריין, פֿרעגט מיך בחרם, וואָס וויל איך מיט מיין שרייבען ? ווייס איך אַקוראַט, אזוי וויא איהר ווייסט, וואָס איהר וויללט מיט אייער לעזען ! . . . פֿאַרקערט, אדרבה, מיינע ליעבע לעזער, אפֿשר ווייסט איהר וואָס איך וויל ? איהר האָט דאָך שוין 1 העפֿט אָפגעלעזען, דאַרפֿט איהר זיך שוין אוודאי וויסען, וואָס איך וויל ? — איך הער שוין אייערע מיינונגען אויף דער וויסטער קשיא. — אייניגע זאָגען גאָר פשוט : איך וויל א קע. . . א קע...א קע... נאָ, קוועטש אייך ניט? זאָגט ! וואָס שעהמט איהר זיך דאָ ? „א קערבעל !“ נאָ איז וואָס ? מעהר קיין בושה זאָל איך ניט האָבען, וויל איך ווען לעבען! — האָסטו געהערט אביסיל אזא מין בזיון ; מיר דאַכט אז קיין גרעסערער כבוד וויא א קערבעל, איז גאָר ניטאָ בייא יודען ! . . . נאָ און איהר אליין טאַקע, מיינע טייערע לעזער, ווייסט דען ניט, אז הייליגטהום, שיינהייט, קליגהייט, קונסט, מאָוועסט און געפֿיהלע אפֿילו לעבען און געזונד האָבען בייא אייך אזא ווערט אקייגען א קערבעל, אזוי וויא בייא היינטיגע גוטע יודען האָט א ווערט א קליינשטייטעלדיגער מורה הוראָה אקייגען א גרויסדאָרפֿישען רענדאַר. . . נישטער נאָך דעם אלעמען בין איך אייך מחויב צוזאָגען, אז מיט דער מיינונג האָט איהר גראָרע א ווילדען טעות אין מיר. — איהר מוזט וויסען, אז אזא מין סאָרט שרייבער וויא איך, איז דאָס נעטליכע, וואָס דער קאָמעדיאַנט אויפֿ'ן שמריק און אפֿשר נאָך ערגער ; יענער וואָגט מיט'ן

לעבען טאָמער פֿאַלט ער אַראָפּ און ווערט נהרג, דערקייגען אָבער שטעלט ער מיט זיך מעהר ניט אַן נאָר וויא אויף עטליכע מינוט, סע הייסט, אויב ער פֿאַלט טאַקע אַראָפּ, ווערט ער מיט זיך פטור אין איי־ניגע מינוט און אַ מעשה מיט אַ־נ־עק! — איך אָבער, מיט 1 פען טינט בין איך זיך מוסר נפֿש אויף מיין גאַנץ לעבען, איך קויף מיר אַ וועלט שונאים אויפֿ'ן בלוט, איך אָפּפער פֿאַר'ן אֶמת מיט מיר און מיט מיין פֿאַ־מיליע, מיין שרייבען איז ניט פּאַרטייעש, וואָס איך זאָל קענען האָפֿען, אַז איין פּאַרטייא וועט מיך רודפֿ'ן — וועט מיך דיא צווייטע שטיצען!— ניין! איהר ווייסט מיך שוין פֿון לאַנג, אַז איך זאָג אויס מיין נאַרישען אֶמת יעדען אין זיין פֿאַך; מיט גוטע יודען, מיט גבירים, מיט וועלט מוסרים, מיט פֿאָרשטעהער און מיט העברייעשע יעזואיטען—רעדאַק־טערען רעד איך פנים לפנים און צו יעדער מינוט בין איך איינגעש־טעלט מיט מיין לעבען! נאָ געה איך דען ניט אויפֿ'ן שטריק? האַ? און קאָם מע געהט אויפֿ'ן שטריק, טור מען קיין קערבעל ניט אין זינען האָבען, ווארען מע קאָן זיך נהרגין כהרף עין, אַז מע זאָל שוין אויף אייביג קיין תקומה ניט האָבען!... נאָ, מיין איך שוין ניט קיין קערביל בעת שרייבען? האַ? „נאָ—זאָגען אַנדערע—מיינסטו כבוד!" אָ, זעהט איהר. דארויף קען איך זיך אַפילו ניט שפּאַרען מיט אייך, ווארען געלט יאָק געלט, אָבער כבוד האָט זיך אודאי אַ יודישער מחבר פֿון זיין פובליקום!... היינט ווער שמיעסט, איך! היינט וויא קען איך ליקענען, אַז מע בעוואַרפֿט מיך ניט מיט כבוד פֿון אַלע זייטען, דאַן ווען איהר, לעזער אַלליין הערט און זעהט דעם כבוד, וואָס אַלע און איהר גיבען מיר אָפּ? — איך הייס בייא אייך, מאַרשעליק, ליץ, שלאַק, זלידני, פֿאַרשלעפּטע קריינק, צרה, כלבוניק וכדומה! נאָ, אַ קאַרגער כבוד איז דאָס בייא יודען?... אודאי קען איך אַנדערש ניט רעדען! — נאָר וואָס דען איז מיר קשה; העכער און גרעסער פֿון געלט איז דאָך ביים יודען גאָר ניטאָ — פֿאַרוואָזשע זענין זייא דעם נגיד ניט מכבד מיט אַזוינע כבודים? און זעהט איהר, מיך וואָלט עס דוקא ניט געאַרט, אַז נגידים זאָלען אויך אַזא כבוד האָבען ביים עולם וויא איך!— חלעבען איך בין ניט פֿון דיא ניט־פֿערגינער; מכתיתי לאָז ר' פתחיה

דער ק"ן-אלף'ר אויך הייסען לץ, שלאק, צרה, זלידני, פאר וואס דען ניט? מיט מיר דען עפעס אפביטען דערמיט? הא!... און ווען ר' פתחיה הייסט ניט אט דיא אלע בכבודע נאמען, פארקערט, ער הייסט נאך גאר א חכם, א ישרן, א בעל צדקה, בעל טובה, בעל מתעסק, בעל מצרא, בעל לשון, בעל חשבון, בעל... בעל... בעל כל ולך, האטש ער איז א חכם, צופיהרען דיא גאנצע שטאדט אין באד אריין; א ישרן, אויף מקים זיין דעם פסוק „כי לא יחדל אביון"; א בעל צדקה, א מאנן וואס אלע צדקות פאלען צון איהם אריין... א בעל טובה, פאר זיך, א בעל מתעסק, דעם גוסס'ניק גיכער צו קבר ישראל ברענגען; א בעל מצרא, פשוטו כמשמעו; א בעל לשון — הרע: א בעל חשבון, אפצורעכנען זיך מיט דער שטאדט סע זאלל איהם תמיד ארויסקוממען ובדומה — פריטא רופט מען איהם פארט ניט צרה, שלאק, זלידני, כלבוניק — איז דאך הפנים געדרונגען, אז דיא אלע נאמען זענען אפשר ניט אזא כבוד וויא איהר מיינט! איך בייט אייך איבער, ניט איין מאהל — צעהן מאהל, אפשר האט איהר א גרעסערען שכל-הישר אויסצידרינגען א זאך. ואה ראיה, איך זעה זיך אין וויפיעל פאקטען איך האב שוין ביז אהער געפעהלט אקייגען אייער פראקטישען בליק: אט קוממט בייא אייך למשל אויס, אז "כפי ר' גרונם שרייט, ער ווילל קיין פרנס חודש ניט ווערען שמע מיניה, אז ער איז אודאי א-נ-עהרליכער יוד — על כן זאלמען איהם דוקא מאכען פאר פרנס חודש!" און בא מיר קוממט אויס: כפי ר' גרונם שרייט. "אז ער ווילל קיין פרנס חודש ניט זיין שמע מיניה, אז ער איז אודאי א גנב — על כן זאלמען איהם טאקע ניט מאכען פאר פרנס חודש!„ אייך למשל קוממט אויס: כפי ר' חייקעל דער קאמעטענט צערמאניעט זיך אזוי בעת הייבען א קרעדיט און ווילל באין אופן מעהר פון א $\frac{1}{2}$% ניט צאהלען שמע מיניה, אז ער איז א גרויסער בטוח — על כן מעג מען איהם גיעבען צווייא מאהל אזוי פיעל קרעדיט! און מיין פלאטשיק מוח'ל דרינגט אויס, אז כפי ר' חייקעל טשוואניעט זיך בעת הלואה שמע מיניה, אז ער איז אודאי א-נ-אונזעטצער — על כן טורמען איהם אפילו א צעבראכענעם שילינגער אויך ניט געטראווען! — אייך קוממט אויס: כפי באריס דער שפאק ב'דאווערט אזוי, קלארעטשקין אין

דיא אויגען, דעם קראַנקען מאַן איהרען, וואָס וואַלגערט זיך נעביך טאָג און נאַכט אַרום אין וועג אום איהר אַלע פֿערגעניגען צוצוטהיילען שמע מיניה, אַז ער איז אַ בראַווער סאָוועסטנע אַריסטאָקראַט — על כן דאַר־פֿען קלאַרעטשקים עלטערען זעהען, אַז באַרים זאָל וואָס מעהר פֿאַר־ברענגען מיט איהר, אום ער זאָל איהר אַריינבלאָזען ליעבע צום מאַנן! — און מיר טפּוש פֿאַלט אַן: כפּי באָרים באַדאָווערט צופֿיעל איהר מאַנ׳ס קראַנקהייט מיט זיין אַרומוואַלגערען זיך שמע מיניה, אַז ער וויל קלאַריטשקען געפֿעלען מיט זיין געזונטער ראָזשע און מיט זיין היימישען וואווילטייג. על כן זאָלען דיא עלטערען היטען פֿון איהם קלאַרע־טשקען וויא פֿאַר פֿייער אום זיא זאָל גאָר פֿון דיא האָלאָבליעס ניט אַרויס!... נאָ מיילא, פֿון דיא אַלע פֿאַקטען און נאָך אַזעלכע טויזענטער שמע מיניה׳ס, קען זיך זעהער זיין, אַז איך פֿעהל. — פריטאָ בין איך דאָ פֿאָרט אַ־נ־עקשן און זאָג טאַקע מיינס, אַז כפּי יודען זענען ניט מכבד דעם נגיד מיט דיא פֿריהרגעשריבענע כבודים שמע מיניה, אַז כאַרשעליק, לץ, צרה, פֿאַרשלעפּטע קריינק, כלבוניק, שלאַק, זלידני איז הפנים ניט קיין גרוי־סער כבוד!... על כן מיין איך מיט מיין שרייבען קיין כבוד אויך ניט! — אינמיטען דערהינען הערט מען גאָר פֿון קאָניגסבערג אַ „ווידער־קול" פֿון איינעם „פֿרומקין" וואָס סע האָט זיך איהם פֿאַרוואָלט אויף דער עלטער הייסען „ראַדקינזאָהן"—זאָגט ער גאָר, אין זיין אָץ־קוצץ־לשון־קודש, אַז איך מיין מיט מיין שרייבען צומאַכען אַלע יודען פֿאַר אפּיקורסים! — וואָזשע מיינט איהר, מע זאָל ביא דעם פֿאָדראַד פֿאַרדינען אַ קערבעל, וואָלט עס אַפֿילו גאָר קיין שלעכט געשעפֿט ניט געוועהן; חלעבען, וויא פֿאַדראַטשיקעס האָבען וועניג וואָס צוטיהן בייא זייערע פֿאָדראַדען, אָבער דאָך, עפּיס מוזען זייא האָבען צוטיהן: וואָרען זאַמד און פּראָוו־יאַנט אַריין שיטען, טוהט זיך אויך ניט אַליין... אַזא פֿאָדראַד אָבער וויא מיינער איז זיך טאַקע פשוט לחלוטין ניטאָ וואָס צוטיהן דערבייא. — מאַכען יודען פֿאַר אַפּיקורסים, איז אַזא אַרבייט, אַקוראַט, וויא מאַכען חסידים פֿאַר שבורים, ליטוואַקעס—פֿאַר קהל־פֿרעסער און אויסגעלאַזטע פֿרימקין׳ס פֿאַר גאָט׳ס כטריאַפּטשיעס! — אַוודאי ווען דערבייא זאָלל שטעהען צוחאַפּען עפּיס אַ גראָבס איז זיך עס דער טייערסטער פֿאָדראַד

אין דער וועלט ! כמעט, כמעט אַזוי וויא תשעה באָב'דיגער תענית : מע דאַווענט ניט און מע עססט!... און דאָ טוהט מען גאָר ניט און מע נעמט געלט!... זעהט איהר, מע זאָל פאָרלעגען אַ פאָדראַד יודען צומאַכען פאַר מאַמינים, אָט דאָ וואָלט מען זיך באַדאַרפט אונטערגאַרטלען, און וויפיעל מע זאָלל דערבייא ניט פאַרדיענען, וואָלט עס דער רוח צוגענומען! — אָבער יודען פאַר אַפיקורסים מאַכען פאַרשפאָרטמען זיך גאָר קלאָפען און בלאָזען ; דאַרויף איז דאָך יעדער יוד אַ פאָדראַטשיק פאַר זיך אַליין; דאַרויף האָרעווען זייא זיך שוין אַליין אָפשר 200 יאָהר פאָלקאָמענע אַפיקורסים צו זיין!. א יאָ, מיינע ליעבע לעזער, איהר קוקט מיך צונד אויך אָן וויא אַ משוגע'נעם, איהר מאַכט ווידער אייער פראַקטישען שמע מיניה, איהר געהט דאָ אויך מיט אַזא גאַנג : כפי יודען סטאַרען זיך מיט אַלע כוחות אַלץ מוסיף צוזיין חומרות, גזרות, תקנות, חרמות, מנהגים און סיגים שמע מיניה, אַז זייא זענין מאַמינים בני מאַמינים און דאָס יודעשקייט פאַרשטאַרקט זיך אַלץ מעהר און מעהר! — און נאָך מיין געניטקייט אין דער זאַך קומט מיר אויס פונקט דער הפך, היינו : כפי יודען סטאַרען זיך מיט אַל'ע כוחות צופאַרפאַצקען אַל'ץ זייער ריינע רעליגיע מיט טויזענטער הומהייטען, סאָפיזמוס און זאַבאַבאָנעם שמע מיניה, אַז דעם עיקר האָבען זייא גאָר פאַרבויגען און מיט דיא נייע יודעשקייטען געהט דיא אמונה גאָר צוגרונד! — נאָ וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ-נ-אומגליק, וויא מיר קומט אַל'ץ אויס פאַפערעק, חאָטש איך בין ניט קיין ליטוואַק! — אמת, איך בין אַייך מודה אַז יודען זענין ווילדע מאמינים — אָבער טאַקע ווילדע ; יודען גלייבען אין גוטע יודען, באַבקעס, עין הרע'ס, וואָראָזשקעס, עולם-התוהניקעס און ב"ל שם'ן ! — יודען גלעבען זייערע בעל טאַקסעס, אַז כפי זייא העכערען אַלץ דיא פלייש-מקחים שמע מיניה, אַז זייא לעגען אַל'ץ נעביך צו... יודען פאַרגלעבען זיך אין זייערע גבאים, מתעסקים, בעלי טובות, חאַדאָטייאס און רעדעל-פיהרער ! — יודען גלעבען אין ארץ ישראל-פנקס'ן, אין פערלאָשענע יום-כפור-לעכט, אין הימעל שפאַלטען און אין אַלדע בייזע חלומות! — יודען גלעבען, אַז דער מת שטופט דיא מטה, דער בעל נס זיכט אָפ גנבות, דער סמבטיון וואַרפט מיט שטיי-

נער, לילית גנב'עט קינפעט קינדער, דער שטן שטופט זיך אין שופר, דער וואלפקולאק איז א פארשאלטענער מענטש, נעגעל-וואסער איז א סגולה צו אפיקורסת, א געריבערטער גנב'ישער לייבסערדעק—צו קדחת, א קאטער—אויסוויגען דאס וויגעל, א פאדקאווע—צו הצלחה! יודען גלעבען אין אלעם וואס א סמארקאטע הון'הענ'ל אסור'ט, וואס א בריינט-פלייציגער שוחט טרפה'ט, וואס א מערידענדיג מלמד'ל מחמיר'ט, וואס א שטאדט-בעל טובה נוהג'ט און וואס א ליטוויש בעל דרשה'רעל פאטאקעוועט! — יודען גלעבען, אז פאר אוועקווארפען נעגעל קומט כף הקלע, פאר ניט עססען מלוה מלכה—כרת, פאר ווייבערשע האר — חאליערע, פאר אפ-לאזען א שדיך — גלגול, פאר איבערשטעלען א הרובע — שליינג און עק-דישען! — יא הויב יודען זענין וו י ל ד ע מאמינים, דערפון איז קיין רעדע ניט! וויא האט איהר דען נאך א נאציע אין דער וועלט, וואס זאל אזוי פ י ע ל גלעבען וויפיעל יודען? נאר צו גלעבט א יוד אין דער וואהרער גאטהייט מיט איהרע ריינע געזעטצליכקייט? דאס אודאי ניט! א בעסטע ראיה אויף מיינע רעד קען שוין דאס אליין געניגע דיענען, וויא אזוי דער יוד באגעהט זיך מיט זיין גאטעס-דיענסט; נעמט דעם קריסט אין זיין קיר-כע, דעם מאהמעד אין זיין מעטשעט און דעם יודען אין זיין שיהל — זעהען מיר שוין ארוים דעם גאנצען חלוק פינ'ם יודענס פערהאלטניסע צו גאט ביז אלע אנדערע נאציאנאליטעטען ; מיילא דערפון רעד איך שוין גאר ניט, אז דארט הייסט עס איין מאהל איבער אלע מאהל "קיר-כע„ — "מעטשעט„ צו „חראם" און דא איז דאס שוין צוסארטעריר וויא א מין סחורה: שיהל, בית המדרש, קלויז, מנין וכדומה. — מיילא דאס בין איך שוין מוחל! נאר דיא ארדנונגען מיט דיא הנהגות מיט'ן רעספעקט וואס דארט און דא געהט פאר, קען זיך שוין יעדער איבערצייגען וויא וואכעדיג און פאניבראצי דער יוד באגעהט זיך מיט דער גאטהייט! אייך, לעזער, דארף איך זיך קיין סך ניט דערצעהלען מכח ק ו י פ ע ן שטאדט, טארגעווען עליות, קלאפען אין דיא סטענדערס, פאטשען אין דיא סדורים, לאכען פינ'ם חזן, דרייען, שאקלען און הוידען זיך באקאס, הקפות-קאמעדיע, גראגער-געררויש, בוזיק-שפיעל, ליל שבועות-געשלעג, ליל הושענה רבה-קלעפ, קלאפ-פעטש, — קונדעס-חזן,

כורעים=קנופּ און נאָך און נאָך און גאָך... היינט וואָס מאַכט דען דער
יוד ניט מיט'ן נאָמען „גאָט!" — ער הייסט בייא איהם „מה" „בן" „סג"
„עב" „לרד" „כוזו" אַ חוץ דיא תקוני-הזהר-נאָמען מיט דיא שערי=ציון-
נאָמען מיט טויזענטער כונות=הר"י=נאָמען וויא: חקל תפוחין, זעיר אַנפּין,
אַבּאָ ואִימאָ, מטרנותא, אָדם קדמון, עתיק יומין, סבאָ קדישאָ וכדומה! —
אַזוי פאַרטאַראַראַמט ער זיך אין אַבצען טויזענט ביישפּיעלען,
צונאָמען מיט כונות ביז דער עיקר ווערט בייא איהם גאָר אַ דבר פשוט,
דאַן, ווען דער קריסט בעת ער זאָגט זיין, „אָטשע נאַש" איז ער מיט
לייב און לעבען אַזוי נאַיוונע (בתמימות) איבערגעגעבען צום עיקר, צום
מקור, צום יסוד; גאָר אָהן חכמות, אָהן כונות, אָהן קונטצען, אָהן מייק=
לערם, אָהן ראָשי תבות, נאָר פשוט צו גאָט אַלליין, גלייך אָהן אַ שום
פאָסרעדניק, און דער יוד האָט פצפציה'ס, שרשיה'ס, סנדלפין'ס, דיק=
רנוסא'ס מיט מטוטו'ן און אינ'ס עיקר נווזשדייעט ער זיך גאָר ניט! —
דעם רזיאל, הקנה, הזהר, הפרדס, התניא וכדומה, הייליגט ער וויא אַ
תורה און מיט'ן חומש'ל דעקט ער צו דעם לאַדישטשיק סמעטענע!—
ביים „מגן דוד" שווערט ער „וויא דאָס איז אַ ספר פון גאָט (און אויך
אויף אַ ליגען...) און אויף דיא סדרה'ס צעהלט ער דיא וואָכעדם!
און טאַקע דאַריבער איז בייא איהם אַ מינדסטע כונה, אַ מינדסטער רמז
פון דיא אַלע מיני ספרים הייליג, גאָר חיות — און אַ מצוה דאורייתא,
איז אַ שפּיעלכען; וואָרען דאָס האָט געגיבען דער פשוט'ער גאָט דורך
דעם פשוט'ן משה, און יענץ — דער אומגעלימפערטער מלאָך סמנגליף
דורך דעם הייליגען גרויסען ר"י, צו דורך דעם צדיק יסוד עולם עמוד
הימיני, פטיש החזק, עמודא דנורא, בוצינא קדישא, אספקלריא המאירה
ר' דוד'ל טאַלנער יחיה!... דאַריבער איז פאַלש וואָגען, פאַלש מאָס=
טען, קאַטערזשנע פראָצענטען, פאַלש עדות זאָגען, הסגת גבול, לא תלין
פעולת שכיר, כבוד אב ואם, א'שת איש, רכילות, חנופה, שקר, לשון הרע,
שוחד וכדומה ביים יודען אַ שפּיא, וואָס ער טרייט זייא איבער אויף
יעדען שאַג, און דיא ששה נענועים, כילחדיגע סעודה, ווייסע כפרה=
האָנען, נשמה לעכט, פיטום=בייסען, אַ מוצא מיט האָניק, אַ געקוועטשטער
שברים, קנאָבעל וואַרפען, דער יסוד פון ספירה, הושענה רבה=קרעפליך,

המן טאַשען און אֶסתּר'ם קייזעל איז בייא איהם סכנות נפשות, אַז ער וועט בעדייא אַ שטאָדט אָרימע לייט באַראַבעווען — אַביא דיא אַללע שמאָכטעס מקים צוזיין על צד היותר טוב!... און טאַקע דאַריבער האָבען יודען פיינד דיא אָמת'ע קריטיגער, וואָס זענין זיך מוסר נפש פאַר זייער פאָלק און פאַר דער ריינער רעליגיע, אום צו דערהאַלטען ביים פאָלק דאָס ריינע גאָטליך-מענשליכעס געזעטץ און אָפּצושאַפען דאָס אומריינע פאַנאַטיזם און אַבערגלויבונג — און האָבען ליעב דיא פאַלשע, אויסגעלאָזטע, שמייכעלאַפטע נידערטרעכטיגע, הילטייסקי פרומקין'כ, ווייל זייא אָפּפערען מיט אַלעם הייליג, מיט דער גאָטהייט און מענשליכקייט, מיט סאָוועסט און איבערצייגונג, אום אונטערצוליעקען דיא עטליכע פאָלקס-פאַרבלאָנזער און נאָך שטופען דער פאַרפיהרטער פאָלקס-מיינונג אַביא נושא חן זיין ביים געמיינעם בלינדען פעבעל! — נאָ, דאַרפמען נאָך מאַכען יודען פאַר אַפּיקורסים? האַ? —

וויטער זאָגט דאָרטען דאָס קאָניגסבורגער „ווידער קול" אַז איך מיין נאָר אַראָפּוואַרפען אווטאָריטעט (גרויסע מאָנער, וויכטיגע ענינים) ביים יודען אין דיא אויגען! — נאָ, איך פרייג אייך, מיינע ליעבע לעזער, וויא נעמט זיך נאָך אַזא אונוויסענדעס עזעל, אַזא רויער יונגאַטש וויא דער „בת קול"? אַ מענטש זאָל זיך אונטערנעמען אַ פאָלקס-בלאַט אַ-רויסצוגעבען, און ניט בעקאַנט זיין, וואָס ווייסט דער גאַנצער יודענטום, דיא הויפט כאַראַקטעריסטיק? — זאָג יונגאַטש, איז דען אַכאָהל געוועהען בייא יודען אַווטאָריטעט? דוא ווייסט דען ניט, אַז אַלע יודען זענין איין עם-סגולה, אַ ממלכת-כהנים, אַ-ג-עם חכם ונבון, אַ גוי קדוש וכדומה? און זאָג, צו האָסטו נאָך געזעהען איין יודען, וואָס ער זאָל זיך ניט בע-נוטצען מיט דער געלעגענהייט פון דיא אַלע פסוקים? זאָג, צו נעמט דאָס ניט יעדער יוד בעזונדער אויף זיין כטשאָט? ווייסטו דען ניט דעם מאמר פון „כל ישראל ערבים זה בזה" און וויא יעדער יוד בענוטצט זיך מיט דעם מאמר? האַ? האַלט זיך דען ניט מאָטקי שיכען-שוסטער פאַר איין ערוב פאַר'ן וואַרשעווער רב? איז דען יעדער יוד ניט אַ שלחן ערוך פאַר זיך? אָט, זאָגט ער, פייף איך אָן דעם רב! אָט האָב איך צון איהם אַ מוגה...! ובפרט זינט דאָס חסידיזם איז ענטשטאַנדען, אַ דאָ איז זיך אַווטאָ

ריטעט טאַקע לחלוטין געפּאַלען עד לעפר! — פּרייג וואָס זנאַטשעט ביים חסיד משה רבינו אַקייגען ריזשענער? ר׳ יוחנן בן זכאי — אַקייגען ר׳ מאָטעלען? דיא 12 שבטים — אַקייגען ר׳ מאָטעלעס 12 בנים? (8 זיהן און 4 איינייקליך, וועלכע ר׳ מאָטעלע האָט זייא גערעכענט פאַר בנים, בכדי כ׳זאָל אויסקומען, אַז ער האָט מעמיד געווען 12-שבטים!...) וואָס זנאַטשיט ר׳ מאיר מיט זיינע 150 פּאַקטען אויף טהור מאַכען אַ שרץ, אַקייגען שעפּיטיווקער רב? וואָס זנאַטשעט ר׳ עקיבא׳ס מסירות נפש אַקייגען ר׳ זיסא אַנאַפּאָליער׳ס נע ונד׳קייט? וואָס זנאַטשעט שלמה המלך׳ס חכמה אַקייגען ר׳ דודל׳ס אַ ווערטעל? וואָס זנאַטשיט רבי מיט זיין רייכען טיש אַקייגען אַ חסידישען גביר׳ס אַ מלוה מלכה?... וויא האָסטו הייליגערס ביים חסיד, צו ביים פּראָכטען שטאָדט בעל הבית, פינ׳ם רבינ׳ס לילקע ציבעק, פון זיין אַלטען פאַנטאָפּעל, צו פון זיינע הכנות? צו האָט זיך דיר דען קיין מאָהל גיט געמאַכט צוהערען, וויא אַ דאַר, קליין, זוערימדיג חסיד׳ל רוהפט דעם גרויסען רמב״ם „אַפּיקורס" און שעלט איהם אין טאַטען!? וויא אַ חסידעש קערזשנערעל רוהפט דעם ווילנער גאון „ממזר"!? צו ווייסטו דען ניט, אַז אַלע תנאים ואַמוראָים זענין בלאַי אַקייגען סאָדעגערער, קאַרלינער, ראַחמעסטריווקער, מאַקאַ-רעווער, טשיטשעלניקער וכדומה? — דוא מיינסט אָפשר, איך זאָג דיר איבערטריבען? — איז אויב דוא מיינסט אַזוי, ביסטו אַ-נ-עזעל, אַז דוא ווילכט זיך אין דיין בלאַט אָנעמען פאַר חסידים, און דוא קענכט גאָר קיין חסיד ניט!... פּרייג זייא אַליין, און אויב זייא וועלען דיר אַנדערש זאָגען, גיב איך מיין קאָפּף אָפּהאַקען! נישמער זייא וועלען דיר גאָר אַנ-דערש ניט זאָגען אַליין? מחמת זייא האַלטען דאָס דען פאַר אַ חסרון? שטראָף מיך דער הימעל! אַדרבה, אויב זייא ווערען אין דיר בעמערקען, אַז דוא האַלסט ניט דערבייא, ווערען זייא דיר נאָך אָפּזאָגען מיט דיין „ווידער קול" פון קוואַטערשאַפט! — שוטה, דוא מיינסט, אַז דוא האָסט שוין עטליכע גוטע יודעשע ספרים געדרוקט — קענסטו שוין חסידים! בלאָטע! זייא קענען דיך בעסער, אַז דוא עססט אין אָדעסאָ כפול שמונה-קאַלבאַסען פון איוואַן סטעפּאַנאָוויטש שחיטה, און רעכערסט אום שבת דוקא נאָר טשעטוואָרטע סאָרט טאָבאַק און פון אַ גאַנץ געמיינעם שדיך

זאָגסטי זיך אויך ניט אָפּ. — יאָ, זייא קענען דיך דורך און דורך אָט דיא בעסטיעס, און לאָזען דיך זאָלסט זיך אָננעמען פֿאַר זייא ; וואָרען ווער זענין דען אַלע גוטע יודישע חאַדאַטייעס און פּאָסרעדניקעס ? — און דוא בהמה מיינסט, אַז דוא נאַרסט זייא און פֿאַרקויפֿסט דיין נשמה דעם רוח פֿאַר טאָמער אַ קערבעל !... נאָר דאָס וואָלט מיך שוין ניט געהאַרט, וואָרען, וואָס טוהט הייגט ניט אַ מענש פֿאַר'ן בידנע קערבעל ? אָט קען איך אַ גאַנץ געזינדעל, וואָס זייא זענין נעביך בעדייא ניגיליםטען, בעדייא קאָמוניסטען, בעדייא סאָציאַליסטען, אַביא טאָמער דורעמער אַ קערבעל... אָבער נעמען זיך צו פֿערטיידיגען אַ סעקטע (אֱמת טאַקע ביסט פֿאַלש אין דעם) און גאָר לחלוטין ני"ז קענען דעם חייב מיט זיין חטא, אַ דאָס געער שוין צון אַ-נ-עזעלס-קאָפּף ! — דוא דערצעהלסט אַ מעשה פֿון אַווטאָריטעט ביי אַ יודען אין היינטיגער צייט ? דיא ! וואָס דוא זאָגסט קלאָמערשט, אַז דוא ווילסט חסידים זאַשטשישטשייען מיט דיין בלאַט ?! דוא ווערסט זיך מיר אַודאי ענטווערען, אַז דיא גוטע יודען זענין יודענס אַווטאָריטעט, טאַקע מיט דעם באַווייז וואָס אַלע קדמונים זענין כלאי אַקייגען רבין. — פֿרייג איך דיך, ערשטענס : וויא אַזוי מאַכט איין חסיד דעם אַנדערען חסיד'ס רבין מיט דער בלאָטע ? איז זיך עס שוין אוים אַלגעמיינער אַווטאָריטעט ! — צווייטענס, אָט אַ דידאָזיגע אַווטאָריטעטען מיינסטו טאַקע, אַז איך וויל זייא אָבשאַפֿען ביי יודען ? אויף דאַרויף טאַקע שרייסט דוא ? — אַ ברכה אויף דיין ליטווישען קאָפּף, חלעבען ! — אַודאי מעגסטו טאַקע אַנלעגען דיא וועלט פֿאַר זייא ! אַודאי מעגסטו זיך — בעדייא פֿאָלש — מפֿקיר זיין פֿאַר זייא ! אַודאי מעגסטו בעדייא דיין פֿאַמיליע בייטען, בעדייא דעם קאַלבאַס אין אַ בלעטעל שבט מוסר אַנוויקלען... אַביא אַזעלכע אַווטאָריטעטען צו פֿערטיידיגען ! — חלעבען איז דען ניט כדאי צופֿערטייקיגען אַזוינע מענטשען, וואָס האָבען מיט זייער יעזואיטען-סיסטעהם באֱמת אָפּגעשאַפֿט אַלעס הייליגס, אַלעס טייערעס, אַלעס נוטצליכעס און וויכטיגעס ; מענטשען וואָס האָבען געראַבעוועט ביים פֿאָלק אַזוינע הויכע אַווטאָריטעטען וויא בושה, חכמה, סקראָמנאָסט, עטעטיק, געוויסען, ענדליך אַפֿילו זאַקאָן און האָבען אויף זייער אָרט פֿאַרפֿלאַנצט,

עזות, פאַנאַטיזם, חוצפות, ניעוועזשעסטוואָ, שוכרות און הפקרות מענטשען, וואָס האָבען אֶפשר בייא אַ מילליאָן מענטשען צוגענומען פייאיגקייט און רצון צום פּראַקטישען לעבען, און האָבען אָנגעמאַכט אלפי אלפים נאַכלאָסיגע מקבלים, שלעפּערס און טויגעניכטסען אויף דור דורות — נאָ איז זייא דען ניט כדאי צופאַרטיידיגען! ? האַ ? — נישמער ניט מיט אַזוינע ליטווישע קאַלבאַס-יעזוא טען בין איך געשאַפען צו רעדען! נאָר דערווייל האָב איך אייך דערוויזען, אַז ניט דאָס וויל איך אויך מיט מיין שרייבען. — בלייבט זיך טאַקע דיא קשיא, וואָס וויל איך מיט מיין שרייבען ?

מערקווערדיג בנאמנות: דאָס וואָס איך וויל ניט, דאָס פאַלט אייך איין, און דאָס וואָס איך ווילל, דאַרויף טראָגט אייך אייער שכל ניט! וואָס פאַלט איהר גראַדע נאָר אויפן גרייז ? פאַלט בעסער אויפן אֶמת. — נישמער באַ; איהר זאָלט טאַקע וויסען, וואָס איהר ווילט מיט'ן לעזען, וואָלט איהר געוויס פאַרשטאַנען, וואָס איך ווילל מיט'ן שרייבען — נאָר אָט דאָס איז טאַקע דער גאַנצער אומגליק, וואָס אַ יוד ווייסט ניט און ווילל ניט וויסען וואָס ער לעזט! — און פאַר וואָס דאָס איז — איז גאָר פשוט; דער חלוק פּינ'ם יודען ביז אין קריסט איז נאָר איין וואָרט: „מוזען“ — „וויללען“ דער קריסט טוהט אַ זאַך, ווייל ער וויל זיא טיהן; ער עסט — ווייל ער וויל עסען; ער קלייד זיך — ווייל ער ווילל זיך קליידען; ער האָט חתונה, ער בילדעט קינדער, ער שטייערט מיט זיין אָבשטשעסטוואָ — ווייל ער וויל אַזוי אַליין; ענדליך דער קריסט לעזט, ווייל ער וויל לעזען — א. ז. וו. — דער יוד אָבער טיהט אַלעס, ווייל ער מוז; ער עסט און טרינקט און קלייד זיך — ווייל „מע מוז זיך — זאָגט ער — דער האַלטען דיא נשמה! מע קען זיך — זאָגט ער — נאַקעט ניט געהען!“ ער האָט חתונה, ווייל ער מוז האָבען דעם נדן, צו אַ בעלהביתטע אין שטוב, צו אויף וועהמען דיא אימושטשעסטווע איבערשרייבען. . . צו גאָר אַ שוחט, אַ חזן, אַ מלמד ווערען — מוז מען זיין אַ נשוי. (באַווייבטער) ער בילדעט קינדער, ווייל ער מוז היינטיגע צייטען איבער כמה טעמים. — ער שטייערט אין צרכי צבור, ווייל ער מוז — דער סטאַרעסטע נייט איהם פשוט מיט דיסאַטניקעס! — ענדליך, ער לעזט — ווייל ער מוז „וואָס זאָל

איך טיהען—זאָגט ער — מיט דעם זלידנישען מחבר ? אז ער האָט מיר פשוט מיט גוואַלד אָנגעוואָרפען זיין ביכעל ! נאָ מוז איך זיך עס חאָטש איבערלעזען פאַר מיין בלוט ! . . ." נאָ, היינט מיט וואָסער אַ חשק אונ וואָסער אַ טעם קען מען שוין פיהלען אין עסען, טרינקען, קליידען, פאַמיליע, בילדען אונ לעזען ווען מע טוהט עס שוין ווייל מע מוז ? — אונ טאַקע דאַריבער, מיינע ליעבע האַרציגע לעזער, ווייסט איהר ניט, וואָס איך וויל—ווייל איהר ווייסט מחילה ניט, וואָס איהר ווילט, וואָרען איהר וויללט גאָר ניט! — נאָר וואָס דען, איהר פרעגט זיך מיך, איך זאָל אייך זאָגען, וואָס איך וויל ? — מוז איך אייך זאָגען, אָזוי וויא איך מוז אייך אַ היים טראָגען מיינע ביכלעך אונ אָנוואַרפען אייך וויא אויף אַ נאַפאַסט! — הערט זשע אוים מיט חשק :

מיט מיין שרייבען וויל איך גאָר אַ קלייניקייט; איך וויל, אַז איהר זאָלט זיין דאָס, וואָס איך בין ניט!... וועט איהר זיך אָפשר מיינען, אַז איך בין אַ שטייגער קיין חסיד אונ קיין גנב ניט—וויל איך, אַז איהר זאָלט חלילה זיין חסידים אונ גנבים ? חלילה וחס ! דאָס קאָן נאָר וועלען אַ פרומקין, ווייל אַזוינע פרומקין׳ס ווילען, אַז אַלע יודען זאָלען זיין דאָס, וואָס זייא אַליין זענין יאָ ! — אָבער מיך זאָלל גאָט אָפּהיטען פון אַזא מיינונג ! איך ווינש מיר נאָר מיט מיין גאַנץ לעבען, אייך צו זעהען דאָס, וואָס איך בין ניט ! אונ ווען שוין ניט אייך אַליין—וויל איך עס חאָטש דערלעבען אין אייערע קינדער ! אונ וואָס מיינט איהר אַ שטייגער - אַחוץ חסרונות—בין איך ניט ! פאַרקערט, כמעט אַלעס בין איך יאָ : איך בין אָרענטליך, סוליעד, אַ בעל בוטה, פייאיג, טהאָטיג, ניט קיין נאַר, אַביסעל געלערענט, מעורב עם הבריות, אַשטיקעל שרייבער אויך וכדומה — איז דאָך דאַכט זיך, נישט קשה ! איין זאַך בין איך אָבער ניט, וואָס אָהן דעם זענין דיא אַללע מעלות—גאָללע חסרונות ! היינו איך בין ניט זעלבסטשטאָנדיג, עס הייסט, איך בין ניט קיין מענטש ! — אָט דאָס קליינקהייט, ברידער, געהט אָפּ מיר אונ אייך, אונ דאָס האָבען מיר צופאַרדאַנקען אונזערע טאַטעס! — אונזערע עלטערען האָבען אונז געגיבען זיטטליכקייט אַלס יוד ניט אַלס מענטש ! בייא זייא אין זייער ווערטערבוך איז גאָר דאָס וואָרט מענטש ניט

געשטאַנען—און אַז סע איז יאָ געשטאַנען „אָדם, איש, אנוש, גבר„, האָט עס בייא זייא געהאַט אַ טייטש „יוד, יוד, יוד און יוד!“ וואָרען זייא האָבען זיך גאָר אַנגעדערט, אַז גאָט האָט באַשאַפֿען אָדם הראשון׳עןֿ, אַ יודען.—אַז ביז אַברהם׳ן איז געוועהען יודען, אַיי עפּיס אַ כדרלעומר אַ נמרוד, אַ ישמעאל צו אַ יטור נפיש וקדמה? דאָס זענין עפּיס געוועהן מיני גולם׳ס, עפּיס ניט-גוטע, עפּיס פֿאַרזעהענישען, וואָלפֿקולאַקען? נאָ, און פֿון אברהם׳ן ביז אַצונד איז זיך אַודאי נאָר יודען... נמצא, אַז אויסער יודען האָט בייא זייא גאָר ניט עקסיסטירט; האָבען זייא זיך נאָר געלערענט צוטיהען דיא גוטע מדות, וועלכע זייא געפֿעלען דעם אַנדערען יודען, און ניט טיהען דיא שלעכטע מדות, וועלכע דעם אַנדערען יודען טויג ניט!—היינט פֿאַרשטעהט נאָר, אויף וויפֿיעל מיר קענען זיך ראָקאָוואָדסטוועווען (ציווייזען) אינ׳ם פּראַקטישען לעבען מיט דיא עטליכע שמאָהלע, קורזיכטיגע מדות טובות, וועלכע אַ זשמענקי גענאַרטע יודליך האָבען זייא בהסכם גמור צווישען זיך אָפּגעמאַכט איין מאָהל אויף תמיד, ווייל דיא זשמענקי האָט געמיינט, אַז מיט איהר פֿוללט זיך אויס דיא גאַנצע וועלט מיט דער גאַנצער אייביגקייט, פֿינם סמבטיון ביז אונטער דיא הרי חושך און פֿון ששת ימי בראשית ביז תחית— המתים!!!? וויא קענען מיר דורך געהען דיא גרויסע וועלט מיט אַזאַ מעטאָדע, וועלכע זיא שלעפּט אונז אַלץ אַריין אין אַ ווינקעלע און ווייזט אונז אַלץ אָן אויף צוריק מיט 3000 יאָהר? אַז ווינטער הייסט מען אונז זאָגען טל ומטר און זוממער משיב הרוח; שבט זאָלען מיר מאַכען ראש השנה פֿאַר דיא ביימער און סיון שוין פֿאַרטיג זיין מיט דער גאַנצער קאָסאָוויציע — ווייל צוריק מיט טויזענטער יאָהרען האָבען מיר זשמענקי יודליך געוואָהנט אין ארץ ישראל! — און ארץ-ישראל איז דאָך שוין בייא דער זשמענקי, כמעט 99 חלקים וועלט! וואָלטען אונזערע עלטערען געוועהען גערעכענט, אַז חוץ יודען, איז נאָך אימיצער און נאָך עפּיס דאָ׳ וואָלטען זייא אֶפּשר טאַקע געמאַכט נוטצליכע און פּראַקטישע הנהגות און בענעהמינגען, אַזוי וויא אַלע אַנדערע פֿאָלקער אין זייער פֿאַך, און זייא וואָלטען, פֿיעל, ווענינ, גענוצט אין דער אָבשטשע וועלט.— אַז זייא האָבען אָבער, צום אומגליק געמיינט, אַז ד׳ אמות של הלכה איז דיא

גאַנצע וועלט אונ 6000 יאָהר איז דיא גאַנצע איוויגקייט ; (שיתא אלפי שנין הוי עלמא) נאָ וויזשע קען מען טויגען מיט אזא לעבענס-ריכטונג? וואָס פאַר אַ טעם קענען האָבען יודישע מדות טובות אין דער גרוי-סער פראַקטישער, ציוויליזירטער וועלט ? — אונ אַז איך בין שוין טאַקע אפילו אָנגעשמעקט מיט דעם יעצטיגען צייט-גייסט, אָבער קאָם איז מיין יוגענד-ערציהונג געגאַנגען פינ'ם פאַרעלטערטען יודישען שטאַנד-פונקט, אַזוי זענען שוין מיינע אַללע מדות טובות ניט ווערט אַ פיהרער, וואָרען זייא קוועלען אויס יוד אַליין אָבער ניט אויס מענטש! — למשל איך בין אָרענטליך שוין אַביסעל נאָך דער נייער צייט—אונטערדעסען, איבער מיין פינצטער ערציהונג, האָט מיין אָרענטליכקייט אַ פנים וויא חזק, וואָרען דער מקור דערפון איז נאָר יוד, ניט מענטש ; איז טאַקע מענשליכעס אָרענטליכקייט נאַאיוו, רייך, אֱמת — אונ יודעשע אָ-רינטליכקייט איז ראַסטשאָטליווע, וואָרען אָרענטליכקייט ביים פאַרעל-טערטען יודען איז זיך נאָר פאַרבינדען מיט דער תורה ; ניט גנב'נען, ניט ראַביוען, ניט אָפּנאַרען, ניט מאַשעניטשען וכדומה אונ טאַקע ניט מעהר — אונ אָרענטליכקייט בייא דער מענשהייט פאַרבינדט זיך מיט מענשליכ-קייט ; אָפּרייסען פון מיין ביסען יענעם, בעלויענען דעם פועל נאָך זיין טרוד, האַלטען ווייב אונ קינדער גלייך מיט זיך, געבען יענעם אַ חלק אין מיינע פריידען אונ נעמען בייא איהם אַ חלק אין זיינע לעדען אונ, ווען מע דאַרף, טאַקע מיט זיך גאָר אָפּפערען פאַר יענעם!... אַזוי זענען אַלע מיינע איבריגע מדות טובות, למשל מיין בושה נעמט זיך פון יו-דעשען „אַראָפּפאַלען בייא זיך" וואָרען דער יוד דאַרף זיך זיין אַ בטל ומבוטל'ניק, אַ עפר ואפר'ניק, אַ צעטרייטען ווערימעל, אַ מה, אַ גאָר ניט! — אָבער ניט איך האָב בושה לויט דיא פרילימשיע פאָדערט, לויט דרך ארץ זאָגט. איהר ווייסט זיך יודישע בושה ; זאָגין אונטער אַ קרים-טליכער געזעלשאַפט זיין מיינונג אויך איבער אַ געגענשטאַנד — שעהמט ער זיך, וואָרען „חלעבען דיא קשיא וואָס בין איך ? אַ גאָר ניט מיט אַ נישט!" אונ זיך צושרייען אין בית המדרש אויפן גבאי, „יאַ טעבע גראַ-דאָנאַטשאַללניק !" מיט'ן אונפערשעהמטעסטען שטאָלץ, דאָס איז גאָר קיין בושה ניט ! דעסגלייכען מיין סולידקייט נימט זיך פון טרוסאָסט: איך האָב

מורא פֿאַר אַ פֿליעג אויף דער וואַנד דאַריבער טשעפּע איך ניט מיט קיינעם!
מיין פֿייאיגקייט, מיין טהאָטיגקייט איז אויך דאָס אייגענע, איך האָרעווע
און רוהף אַרויס מיינע אַללע פֿייאיגקייטען צום האָרעווען ווייל איך בין
נעביך אַ יודעלע מיט ווייב און קינדערליך, אָבער קאָם ניט דאָס וואָלט
איך זיכער קיין האַנד אין קאַלט וואַסער ניט געטוהן, און אַז היינטיגע
יונגע לייט האָרעווען שוין אַפּילו ניט צוליעב דעם. — נאָ, מיינען זייא
קאַפּיטאַ'ען צונויף שלאָגען — אויך אַ יודעשע האָראָוואַניע! — אָבער
טאַקע האָרעווין אַרפּאַשנע פּיהזיש אַלס, מענטש טור ליידיג ניט זיפּ-
צען—דאָס אַידאי ניט—היינט אַ יודעשליכער „קיין נאַר ניט“ אַ יודעשער
„מעורב עם הבריות“ אַ יודעשער „אַביסעל געלערענט“ דאָס דאַרף איך
אַייך ניט דערצהעלען, אַז מע מיינט, אַ ווערטעלע זאָגען, אַ פּאַרעווע יודעל
זיין און קענען שרייבען אָהן ווירעס! אַזוי זענין אַלע מעלות; אַלס יו-
דעשקייט זענין זייא טאַקע אויסגעצייכענט און אַלס מענשליכקייט טוי-
גען זייא, בנאָמנות, אויף כפּרות! — היינט ווייסט איהר שוין, וואָס איך
וויל מיט מיין שרייבען? איך וויל, אַז איהר זאָלט יאָ זיין דאָס וואָס
איך בין ניט! דאָס וואָס מיין ערציהונג האָט בייא מיר אַוועקגעראַבע-
וועט! זייט זעלבסט שטאָנדיג! זייט מענטשען, חוץ יודען! פֿיהרט איין דיא
רעליגיע אין דער פּראַקטיקע און ניט דיא פּראַקטיקע אין דער רעליגיע!
מעהר פֿערצייליך איז אַ שלעכטע מדה אַביא זיא ווערט געטיהען זעלב-
סטשטאָנדיג, נאָך אייגענער איבערצייגונג אײדער אַ קלאָמערשט-גיטע
מדה, וואָס זיא געהט פֿון אַ פֿאַרדאָרבענער קוועלע! קומט ניט אָפּ נאָר
מיט'ן באַרימען זיך פֿאַר'ן ווייב אין דער היים: „איך וועל איהם זאָגען
דעם אֱמת אין דיא אויגען! — איך פֿאַלל ניט אַראָפּ פֿאַר זיין געלט! —
איך שטראָך מיך ניט אין קיין נגידים! — פֿאַר מיין אומכבוד וועל איך
איהם דיא אויגען אַרויסנעמען! — איך! איך בין אַ־נ־עפּענטליכער מענטש;
חנפֿה'נען האָב איך פֿיינד!“ זאָג איהם טאַקע! פֿאַלל טאַקע ניט אַראָפּ!
שטראָך זיך טאַקע ניט אין זיין געלט! זייא טאַקע עפּענטליך און חנפֿה
טאַקע ניט אויף ד־ר־אֱמת'ן! פֿיהלט זיך! שאָצט זיך, נאָר אַלס מענטש,
ניט אַלס יוד! — אָט דאָס פֿעלט מיר נעביך און דאָס ווילל איך
פֿון אייך! . . .

# עפּיגראַממען.

זאָג נאָר ווייבעל, וואָס ביסטו אַזוי אויפ'ן מגיד אויפגעטראָגען
פֿאַר וואָס ער האַלט דיר תמיד אין אֵיין שטיק מוסר זאָגען?
דוא ווייסט דען ניט, אַז דער מגיד וויל זיין גאָטט גלאַך —
ווענמען ער האָט ליעב — דעם שטראָפֿט ער אַ סך!...

וואָס באַקלאָגסטו זיך אַזוי, יונגער מאַנן, אויף דיין דאָליע?
דוא האָסט זיך דאָך געשטראַכט אין יוחס און אין מזומנים. —
נאָ מעג זיא זיך זיין מיאוס און נאָך מיט אַ גרעסערער וואָליע
אַביא דוא האָסט אַ סך נדן מיט שיינע מחותנים! —

## דיא שעפּיטיווקער אויסשטעללונג.

אַנימעלט האָב איך מקבל געוועהן אַ בריף פֿין מיינעם אַגיטען ברידער אין שעפּיטיווקע, (איהר האָט עפּיס ליעב אַ שעפּ'טיווקער גיטענברידער...? נאָר וואָס קאָן מען מאַכען בא אַזא ביטער יאָהר?...) שרייבט ער מיר, אַז דיא דאָרטיגע ליובּיטעלים (נאָך פֿינים שעפּיטיווקער רב'ס מקורבים) האָבין זיך ווילד מתקנא געוועהן אין פֿהילאַדעלפֿיער קהל און האָבען זיך גינומען אֵיין מאָהל איבער אלע מאהל, צו מיסד זיין אַ וועלט-אויסשטעללונג פֿין אַללע אַלטע און נייע יודעשע אַנטיקען אין שעפּיטיווקע, ווייל דורך דער קיעוו־ברעסטער־ליניע איז יעצט שעפּיטיווקע כמעט דער הויפּט מיטטעלפּונקט צווישען רוססיש פּוילען און ליטא, נמצא אַז שעפּיטיווקער פּלאַטץ וועט אַוודאי ניט זשעדנע זיין אין אַללע גרעסטע און בעריהמטעסטע יודעשע אַנטיקען וואָס פּוילין און ליטאָ גיבען אַרויס טאַג טאָגליך! — אומר-ועושה! מע האָט דאָרט שוין אפילו אָפּגענומען אַ גיט פּלאַטץ וועגין דעם, טאַקע סאַמע אינטערען בית עולם; (ווידשע דען מאַכט מען אַ־נ אויסשטעללונג פֿין יודישע אַנטיקען) און מע האָט שוין איבערגעפֿיהרט אַ היען אַללע בוםםענע סוכות, וואָס שטעהען בא שעפּיטיווקער בעלי בתים פֿין יאָהר צו יאָהר, און יעדער סוכה איז בעשטיממט פֿיר אַ בעזינדער אַבטהיילונג נאָך דיא פֿערשיעדענע אַרטי־

קעלען נאָך; למשל, דעם רב'ס סוכה האָט מען בעשטימט פֿיר איסטאָ-ריש-חראָנאָלאָגישע אַרטיקלען, ווייל דער רב איז אַווילדער איסטאָריקער: ער דערציילט וויא אַוואַססער דיא גאַנצע געשיכטע פֿין דיא רויטע יודליך; פֿין אַלעקסאנדר מוקדון מיטן אָדלער, וואָס האט איהם פֿאַר-טראָגען אין גן עדן התחתון; פֿין גאָגטען, פֿין אַלעקסע דעם בעל שמ'ס און אפילו פֿינ'ם הינקענדיגען שניידער, וואָס האָט גיהאַט וויכוחים מיט אַללע גרעסטע פויבסטען און האָט זייא מן הסתם מנצח גיוועהן! — דעם חזן'ס סוכה איז בעשטימט פֿיר מוזיקאַלישע אינסטרומענטען, ווייל אויף איהם האָבען מעיד גיוועהן קאַשטען, פאָסטערנאַק און דאָס ווילנער בעל הבית'ל אז בייא איהם ליגען פֿייפֿעליך אין האלז!— דעם סבאָרטשיקס סוכה—פֿיר מאַטעמאַטיק, ווייל ער רעכינט זיך ג י ע ט אָפּ מיטן שטעטיל. — דעם שוחט'ס כובה — פֿיר מעדיציען און אַנאַטאָמיע, ווייל ער איז אזוי קלאָהר אין חכמת הנתוח, (אנאַטאָמיע) אז ער אַנאַטאָמירט דעם אָקס אויף נאָללע שטיקליך — און ש ט י ק ל י ך קימען זיך איהם ע"פ הקאָנטראַקט. — דעם שיהל-גבאי'ס סוכה — פֿיר פֿהיזיק און כעמיע, מחמת ער קען דעם שווערסטען כעמישען פראָ-צעס פֿערבינדען און אויפֿלעזען! למשל, דעם נשאר פֿין יום כיפור'יגע וועקסענע לעכט לעזט ער אזוי לייכט אויף, אז מע זעהט באַשאַנפערליך, וויא דער וואַקס ענטהיילט זיך בעזינדער צין איהם אין קלייט אַראַן, און דיא קנויטען אויף שטאָטשעקעס פאַר אַגאַנץ ווינטער אין לאָמטערען אַראַן!... און ווידער קען ער אזוי כעמיש פֿאַרבינדען דיא אָתרוגים מיטן שקלים-געלט, עס זאָל פֿין דיאביידע שטאָפֿין אַרויס גאָר אַ נייער שטאָף, וואָס איז פאַחאָזש אויף אַ פֿייענעם טיליפ... דעם חברה-קדושה-גבאי'ס סוכה פֿיר אַללערלייא מאָנעטען. ווייל ער איז דער אייִנציגער בריה אויף אויסצואַרבייטען געלט פֿין ד-ר-ע ר ד!... דעם סופר'ס סוכה-פֿיר רעאָגליפֿען-שריפֿט און מאַהלערייא, מחמת אז ער שרייבט דיא גאנצע וואָך, איז ערשט ג ע מ אָ ה ל ט ער זאָל ניט האָבען אויף שבת!... דעם קהלשען שרייבער'ס סוכה — פֿיר מעחאַניזמוס, ווייל ער איז דיא שטאָט-מאַשין; אַללע' דרייען איהם אָן און ער פֿאַרדרייט אַללע. — און דעם נגיד'ס סוכה האָט מען בעשטיממט פֿאַרען בו-

פֿעט, מחמת ער עסםט אויף און טרינקט אוים דאָס בלוט פֿין אַללע אָרימכּע לייט, און שרייעט אין איין קול, אז דיא קבצנים עססען איהם אָפּ דעם קאָפּף ! . . .

וויא איך האָב נאָר דאָס בריוועל איבערגעלעזען, בין איך בזו הרגע, מיטען עקסטרע צוג אַוועקגעלאָפען קיין שעפּיטיווקע, און איך האָב שוין קוים מיט צרות פֿאַרחאַפּט אַ ווינקעלע אויף מיין קלימעקעל אָפּלעגען, וואָרין אַללע 3 הויפּטקוואַטיערען (דער פּוליש, דער אוהל און דאָס מרחץ) זאָגען שוין געוועהן אָנגעשלאָגען מיט אַנטיקען-בריינגער מפה לפה ! —

מיין שעפּיטיווקער גיטער ברידער האָט מיך באַלד געפֿיהרט אויף דער וויסטאַוקע און האָט מיר אַללעס אויסגעוויזן, און אויף איטליכען פּיצעלע מיר געגיבען צו ערקלעהרען.— און איך זאָג אייך טאַקע בפּרוש אַז ווען ניט ער — וואָלט איך אויף אַ סך אַנטיקען גאָר ניט גיפֿאַללען אין לעבען, וואָס דאָס איז ? אָט הערט ווערט איהר שטוינען ! — :

## איסטאָריש-חראָנאָלאָגישע אַבטהיילונג.

ביים אָראַנגאַנג אין דער אַבטהיילונג שטעהט אויף אַ סטויפּ אַ קערושנעריש קלאָצעל אָנגעטיהען אין אַ יאַרמעלקע, בייא וועלכער פֿיןביידע זייטען זאַנין ציגעטשעפּעט 2 פֿערשיעדענע פאות ! אֵיינע איז קערץ, קאָלטענאָוואַטע און רויכעג און דיא אַנדערע איז לאַנג, גלאַך און דון וויא אַ פֿלעכטעל.— איך קיק און קיק אויף דעם מין טשוטשעלע אין וואָלט באין ענין ואופן ניט גיפֿאַללען וואָס פֿאַר א-נ-אַנטיק דאָ שטעקט. נאָר אַז מיין גיטער ברידער האָט מיך אויף געקלערט, וואָס דאָ ליגט, בין איך אַודאי נבהל ומשתומם געוואָרען.— „דאָס איז־זאָגט ער־ר״ פּנחס׳ל סלאַוויטערס יאַרמעלקע, וואָס מיט איהר האָט ער זיין פֿרומקייט בעוויזען און דערפֿאַר האָט ער זוכה געוועהן מע זאָהל איהר אָנטשע-פּען אָט דיא 2 פּאות ; איינע פֿין נבוכדנצר׳ס האָר, בעת ער איז פֿאַרוואָר-פֿען געוועהן אין אַ בער אין דיא אַנדערע איז אַ פֿלעכטעל פֿין ושתי׳ס צאָפּ אויפֿען שטערען ! נעבען דער טיער איז גישטאַנען אַ קאָשעק מיט בוזיקעס, מיט וועלכע יודען האָבען זיך גיוואָרפֿען דעם ערשטען תשעה

באָב נאָך חורבן בית המקדש ! — איין המן קלעפּעל, וואָס מרדכי אליין האָט עס אויסגעשניצט פֿין פּימסען האָלץ, אויף מזרח וואנט איז געהאַנ-גען אויף אַ רויטען פֿאָדעם זייד דיא גרוגרת דר׳ צדוק, דאָס שטיינדעל וואָס ר׳ נחמן בראַסלעווער האָט גיוואָרפֿען דער ירושלים-קלפה; ר׳ וואָלף קיצים צוריססענער פּאַנטאָפֿעל, פֿין וועלכען ס׳איז אַרויסגעקימען ר׳ ברוך׳ל מעזיביזער און ר׳ פֿרויעם סדילקעווער; דיא באָמבע, וואָס הענגט אין אָסטרער שיהל אין דער לופֿט ... דער שופר, וואָס דער בערדיטשעווער רב האָט גיוואָרפֿען, אז נאָר איוואן זאָהל מיט איהם בלאָזען ! אין נאָך טויזענטער איסטאָרישע אַנטיקען, וואָס דיא האָר שטעללען זיך קאַפּויר קיקענדיג אויף זייא ! ...

## מוזיקאַלישע אַבטהיילונג.

מיילא וואָס איך האָב איבער גיזעהן אין דער מוזיקאַלישער אַב-טהיילונג, איז גאָר אין לשער ואין לערוך, נאָר דיא הויפּטקונסט וועלל איך אייך דערצעלען, וועט איהר גאַפּען אויף דיא נעגעל !— : אין מיטטען דער סוכה איז גישטאַנען אַ גרויסער, קייליכדיגער טיש, אויף איהם איז געוועהן פֿאַרוואָלגערט מיט אַללערלייא אינסטרומענטען; אַרום דעם טיש זאַנען גיזעסען יאַרעוואַקסענע פֿיגורעס, אָפּגעמאָהלט דעם גאַנצען ריזשע-נערס קאַפּעליע, אַללע האָבען גיהאַלטען סידורים אין דיא הענט, נאָר דער קאַפּעלמייסטער אַליין האָט גיהאַלטען פֿאַר זיך אַ געווירעטען ביך מיט גאַללע נאָטען פֿין הפטורה-טראָפּ, און מיט אַ לאַנגען שופר אין מויל האָט ער דעריזשירט דעם נוסח פֿין „אַתּה אֶחד“ —

## מאַטעמאַטישע אַבטהיילונג:

אין דער אַבטהיילונג האָב איך געזעהען כמה וכמה אַנטיקען, וואָס ס׳איז גאָר ניט פֿאַר מיין מוח געוועהן משיג צו זיין ! נאָר איינס האָב איך דאָרט געזעהען, וואָס וויל איך וועלל לעבין וועלל איך עס ניט פֿאַר-געססען, היינו, איך זעה וויא איינער שטעהט באַ דער וואַנד און דרייט מיט אַ רעדעל; איך קיק מיך גיט ציא, זעה איך, אַז פֿאַר איהם איז אויסגעגראָבען אַ גריעב אָפֿשר אויף הונדערט סאַזשען דיא טיעף און

ער איז פילל מיט פאסעקליך פאפיער, אזוי וויא אויף דיא דעפעשען-מאשינדליך, פין דעם גריעב געהעט א-נ-עק פאס אויפען רעדעל ארויף, אזוי, אז דאס אנוויקלעבץ פארנעמט שוין איבער דער גאנצער וואנד און פינים גריעב איז נאך גאר וועניג אראפ!... און בא יעדען מאהל ארימדרייען ציינעט דער דרייער עפים א ציפרע אויפען פאס. — נא גייא וויים, אז דאס איז דיא מאסם וואס מע האט געניממען עוג מלך הבשן'ען אויף א פאאר פלידערען!?...

## מעדיצין־אנאטאמי'שע אבטהיילונג.

אין דער אבטהיילונג האב איך גאר ניט געוויססט אויף וועלכען פריהר צוקיקען; דא שטעהט דער סלויא מיט צעברעקעלטע אברים פין דעם מענטשען, וואס דער רמב"ם האט איהם צושניטטען אויף פוץ פוצלעך און צוריק לעבעדיג גימאכט; דא ליגען אויף א זאלץ-וויגעל דיא פאסעם פלייש, וואס ר' ליב שרה'ס האט געשינדען מיט דיא נעגעל; דא ליגט דער יהושע מיט דיא קיפערנע נעגעל און מיטין אייזערנעם פיסק, וואס האט טיטוס'ן געפיקט אין מוח אראן; דיא וועגט זאנען באהאנגען מיט טויזענטער פארשיעדענע ליקארסטוועס צו אללערלייא געפערליכע הלאת'ן, ווי למשל איבערגעקערטע פלעצעל-ציא ווארגען זיך; שטילשוויגענדיגע וואססער-צין א מקשה לילד; געגאסענער וואקס צין א איבערשרעק; גערעכערטע, גנבישע ציצית-ציא קדחת רביעית; בליט פין א שווארצען האן—ציא חולי נופל; צימאהלענער אפיקומן אין אביסעל ראזשענקים וויין-צי שטארקע עצירות; לורב-פינגערליך-צום קראמפף; צוריסענע סטאנען פין העמדליך-צום אראפפאללען; היינט שמירות, קמעות, סגולות, שפראכען, ארץ ישראל ערד און נאך טויזענטער באבסקע רפואות גאר אהן א-נ-עק און אהן א ברעג! — נאר דיא אללע זאנען כלא אקייגען דער לעצטער סגולה, וואס איך האב גיזעהן; היינו: אויפען טיש זאנען גישטאנען 2 הויכע גלייזערנע סלויעס, אפשר אויף א סאזשען דיא העך, אנגעגאססען מיט ספירט.— אין איינעם איז געשטאנען א טויטער, באלזאמירטער בחור, אפגעשאטען מיט קרעץ, מיט מכות, מיט בלאטערען און מיט א פארך איבער דיא אויגען, און אינם

אַנדערען - טאַקע סאָמע אַקייגען-א באַלזאַמירטע בתולה פֿין אַ יאָהר 45, מיט אויסגעדרייטע הענד און פֿיעס, מיט אַ מויל וויא אַ קראָקאָדעל, דאָס פנים לויטער בושעבעס מיט לישייעס און דיא נאָז נאָר מיט איין לאָך ... איך האָב דאָס דערזעהען בין איך שיר חלשות ניבליבען קיקענ-דיג! נאָר וואָס מע מיינט מיט דיא 2 קראַסאַוועצעס ... האָב איך באין אופֿן ניט גיקענט פֿאַללען! ביז מיין שעפּיטיוועקער גיטער ברידער האָט זיך פֿין מיר גיט ציילאַכט, אין מאַכט אזוי צו מיר: שוטה! קיק אַרוף, וועסטו זיך פֿאַרשפּאָרען חידושען! — איך טיה אַ קיק, איז איבער דיא 2 סלויעס איבערגעלעגט אַ פּרוכת אויף 4 דריינגלעך, און פֿינם פּרוכת הענגט אַראָפּ אַ קוויטעלע, מיט דיא ווערטער: „אַ בית-עלמין-חופּה-ציא האָליעריא!..."

## פֿהיזיש-כעמיעשע אַבטהיילונג.

דיא אַבטהיילונג איז פֿילל מיט פֿערשיעדענע כעמישע אַפּאַראַטען, איטליכער בעזונדער איז נייטיג פֿאַר'ן יודען וויא אין לעבען אַראַן — למשל: אַ-נ-אַפּאַראַט וואָס אָהן דינים, אָהן באָדערס און אָהן מדידה, מאַכט ער פֿין 2 פֿערשיעדענע שטאָפֿען אַ נייעם שטאָף, וועלכעס ס'איז טאָטש אוב טאָטש אַ מקוה, בכל פּרטיה ודקדוקיה! היינו מע לאָזט נאָר אַראַן אין איהם וואַססער און סרחה, צאַפּט זיך שוין פֿין איהם גרייטע מקואות, על צד היותר טוב!... הייגט האָב איך געזעהען אַ חרוסת-אַפּאַראַט, אַ דריידעל-אַפּאַראַט, אַ המן-טאַש-אַפּאַראַט, ווידער גאָר אַ קליין אַפּאַראַטעל, וואָס מע לעגט אַראַן אין דעם אַ שטיקעל דאַרען קאָרזש מיט אַביסעל געריבענעם הריין — קיממט עפּיס אַרויס אַ נייער מין שטאָף, וואָס דיא כעמיקער ריפֿען איהם אָהן „כורך"... אין מיט סוכה איז געשטאַנען א-נ-אַפּאַראַט מיט א לאַנג בלעכען רערעל אַרויס באַ דעם רערעל איז געשטאַנען א קינד פֿין א יאָהר 5—6 אין האָט אינם רערעל אַריין געזינגען זיינע קינדערשע לידלעך: ציגעלע מיגעלע קאַטאַ-ניי; מיזעלע מאַזעלע קיץ קיץ קיץ!—בערעלע בערעלע קום זיך לויזען; זשי זשי זשי זשי-חיק!. פֿערד, בייטש, שטעקעלע; הינטעלע הינטעלע האַוו! האַוו! האַוו! — וכדומה, און דיא אַללע מאַטריאַללען האָבען זיך

אינם אפּאַראַט אַזוי כּעמיש איבערגעאַרבייטעט, אז פֿין דער אנדערער זייט רערעל האָט זעך געשיט פּעק מיט חד-גדיאָ׳ם ! ...

---

אין דער מאָנעטען אבטהיילונג האָב איך מעהר ניט גיזעהן, נאָר דעם גראָשען וואָס הערשעל אָסטראָפּאָליער האָט געהייסען דער מקשה לילד צילעגען צום נאָפּעל כדי דער קבצן זאָל אַרויס... ס׳איז דאַכט זיך אין פֿלוק גאָר אַקליינינקייט, נאָר אין דער געשיכטע דער חסידעשען ציוויליזאַציע שפּילט עס אַ גאַנץ גרויסע ראָלע!...

## שריפט־מאַהלער־אבטהיילונג.

אַ דאָ האָב איך שוין געזעהען דיא אללע בריעף, וואָס דער אָוועה-האָן האָט געטראָגען פֿין שלמה׳ן צי דער מלכת-שבא, דיא געשריבענע שאלת-תשובה, וואָס דער שעפּיטיווקער רב האָט תופס געוועהן,—קיקענ-דיג נאָר אויפֿן מאַכען מיט דער פּען, בעת ר׳ חאַזקעלע פּראַגער האָט זיא גישריבען — פֿין דער וויטען, אַז זיא איז ניט גישריבען על פּי דין תורה !... אַ מזרח, אויף וועלכען ס׳איז אויסגעמאָהלט געוועהן מרדכי— בעת ער איז געוואָרען משנה למלך — אין אַ ראָצעמאָרענעם קאָפּטען מיט סטראָקעס, אין אַ מאַרבערנעם ספּאָדעק מיט פּאַנטאָפּעל, אין איין האַנט מיט אַ בלויזער שווערד און אין דער אַנדערער אַ גראַגער !... דיא פֿייגעל-שפּראַך, וואָס דער בעל שם האָט געלערענט דעם פּולונאַיר מוכיח; און אויב איהר גדענקט דיא מעשה, וויא אַזוי, אַז דער ריזשע-נער איז—נאָך יונגעלוויים — געקוממען צום אָפּטער רב, און האָט מיט׳ן שטעקעלע געקלאָפּט אין זיין טיליפּעל אַראַן.— האָט זיך דער אָפּטער געזאָגט, אז מיט דעם קלאָפּען האָט דער ריזשענער אָפּגעלערענט 20 בלאַט זוהר !... אָט דיא 20 בלאַט זוהר, האָב איך געזעהן דאָ אין דער אַבטהיילונג ! און אַ פֿאָטאָגראַפֿיש בילד, וויא אַזוי דער געוויססער הינקענ-דיגער שניידער האָט אַ ווכוח מיט׳ן פּובסט און איז איהם מנצח מיט׳ן געוויכסען איגי יודע ! ...

## מעהאַניזם־אַבטהיילונג.

דאָס ערשטע, באַם אַראַנקוממען איז געשטאַנען דער טעלעגראַף,

וואָס דער של״ה דרינגט איהם אויס פֿין „בכשיל ובלפות יהלומין!״ ווייטער האָב איך געזעהן דאָס גאַנצע מעחאַניזם פֿין דער פּאַפּי־רענער בריק, אויף וועלעכער משיח וועט אונז פֿיהרען קיין ירושלים ... דעם אַייזערנעם קעססעל, אין וועלכען מאָטעלע, ר׳ דוד׳ל טאַלנערס יונגעלע, האָט אַראַן געשיקט אַ שד, אז ער זאָל איהם שווערער מאַכען מיט 200 פֿיד, איבערען בלבול פֿינם פּריץ. — דיא מאַשינע מיט וועל־כער מע קען צאַפּען ווין פֿין דער וואַנט. — ר׳ דוד׳ל טריינעם גולם אונ נאָך טויזענטער אַנטיקען, וואָס איך בין שוין אַזש מיעד געוואָרען קיקענדיג ... אונ דאָס האַרץ האָט מיר זייער אָן געהייבען קלעמען, אַ דאָ האָב איך זיך אַראַן געהאַפּט אינם בופֿעט אונ האָב פֿאַרביסען אַ קלויזנער געבראָטענע קאַרטאָפּלי אונ פֿאַרטרינקען מיט אַביסעל מים־שלנו אונ בין געלאָפֿען אויפֿן וואַקזאַל, איך זאָל ניט פֿאַרשפּיטיגען דעם פּאָיעזד! —

# הילף נאָך דער צייט.

א רויז וואָס וואַקסט אין סטעפּ אַיין אַליין
האָט געגען זיך, אין הימעל, אַ חמאַרע דערזעהען
„איי שוועסטער לעבען — זאָגט דיא רויז צו איהר —
שטעה נאָר אַ ווייליע איך האָב אַבקשה צו דיר:
איך שטעה שוין דאָ לאַנג אויף דיר אונ וואַרט
קיק מיך אָן וויא איך בין, פֿון היטץ, אויסגעדאַרט
איך וואַקס אָהן רעגען, אוי, עס נעמט מיך אַ שרעק;
לעבען וויל איך! אונ איך בין אָבער ביים עק!...
אָט אָט פֿאַרסאַרפֿעט מיך דיא ברענענדע היטץ
דערקוויק זשע מיך, שוועסטער, מיט דיינעם אַ שפּריטץ!
וואָס וועט זיך דען אָננעמען פֿון דיין גרויס פֿערמעגען
אויף מיין חלק דיא עטליכע טראָפּען רעגען? —
זייא זשע אַזוי גוט, שוועסטער, זעה מיין ביטערע נויט
וואָרען נאָר דוא אַליין קענסט מיך ראַטעווען פֿינ׳ם טויט!...״

דיין ביטערע לאַגע בעדאָווער איך, מיין קינד;
נאָר העלפֿען קאָן איך דיר פֿאָרט ניט אַצונד!
וואַרט נאָר צוא אויף מיר איינגאַנצען אַ פּאָאר טאָג
—איך בין יעצט זעהר בעשעפֿטיגט, איך האַלט אין וועג—
צוריק וועגס וועלל איך זיכער דורעמער פֿאָהרען
וועל איך שוין פֿון דיינטוועגען אַ קאַפּ רעגען אָפּשפּאָרען
דערווייל לאָז זיך ניט אָפּ, האָב אַ ווייל'ע געדולד,
איך וועל דיר אַודאי העלפֿען כ'האַלט עס פֿאַר אַ שולד!
דיא חמאַרע האָט ריכטיג געהאַלטען איהר וואָרט;
זיא איז געקומען פונקט אויף דעם אייגענעם אָרט. —
נאָר זיא האָט שוין אָבער דאָ ניט געהאַט וואָס צוטיהן;
הילף האָט דיא אָרימע רויז ניט געקענט דערלאַנגען
און ביז דיא גניידיגע חמאַרע איז געקומען צופֿליהען
איז זיא נעביך דאָ דערווייל אומצייטיג אויסגעגאַנגען!...

*

* *

דער יעניגער גביר, וואָס האָט שוין יאָ הרגשה
זיך צוצוהערען אַ מאָהל צום אָריממאַנס בקשה
האַלט ער אָבער שטענדיג אין איין שטיק ניט-צייט
און ער לעגט איהם אָפּ דיא טובה—אַפֿילו ניט אויף וייט—
—אויף איין שעה, נאָר—אַ שעהנעם דאַנק!
דיא איינע שעה איז אָבער דער לעצטער צאַנק;
וואָס זיין נשמה געהט אויס פֿון מאַנגעל אָן נויט
און מיט דער שעה, האָט אויסגעשלאָגען דער טויט!,..
אָט דאָס איז דער אומגליק פֿון דיא אָרימע לייט,
וואָס דיא זעלטענע הילף קוממט אויך נאָך דער צייט!..

## אבינו מלכנו קרע רוע גזר דיננו!!!

איך שרייא אבינו מלכנו, און איהר, זשאַגאָניסטען, שלאָפֿט! —
שלאָפֿסט אַבראַמאָוויטש, שלשום בר יענטע, גאָלדפֿאַדען, דיק, צעדער-

בוים, גאָטלאָבער, ענגעלשטיין, ד״ר ציגענסאָהן! איהר שלאָפֿט! איהר דרייט זיך דאָרט ערגעץ דיא קאָפּף איבער אַ גראַס, אַ וויטץ, אַ משל אַ ידעע און דאָ איז דער גזר דין שוין אַרויס אויף אונז אַללע מיט אַ מאָהל! — געוואַלד, וואַרפֿט אַוועק אייער אַרבייט אומגעקאָנטשעט; וואַרף אַוועק שלשום דיין צווייטע טהייל אַ וועלט מיט קליינע וועלטעליך! וואַרף אַוועק גאָלדפֿאַדען דיין פֿידעלע מיט דיא נאָטען, און דוא ציגענזאָן, העֶר אויף זיך צו דוללען אַ קאָפּף מיט׳ן טיפּאָגראַף וועגען דיין נייער נאָוועלע! — וואַרפֿט אַלעס אַוועק אין מיטטען און לאָמיר אַנלעגען דיא וועלט! לאָמיר רייסען קברים! לאָמיר לויפֿען צו גוטע יודען! אַיי אַיי! נישטאָ דיא גילדענע יאָהרען ווען יודען זענין זיך געזעסען בשלום ושלוה, איטליכער איבער זיין אַרבייט, און זענין גאַנץ בעזפּעטשנע געוועהען, אַז קוים וועט חלילה עפּיס נגזר ווערען אַ מין צרה שלא תבוא וועלען עס זייא דיא צדיקי הדור, שוין מודיע זיין נאָך מיט אַ יאָהר דערפֿאַר, און וועלען זיך שוין אַליין סטאַרען מבטל צו זיין דעם גזר דין! אַוודאי אַוודאי איז זייא דעמאָלט גאָר ניט אָפּגעגאַנגען! אַז אינ׳ם פּיפּטען היממעל איז געוועהן אַ קטרוג וואָס האָט זיך למשל צושלאָגען מיכאל מיט׳ן ס״ם און עס האָט געזאָלט סאָסטאַוועט ווערען דער פּריגאָוואָר, אַז סע זאָללען ווערען שקאָלעס אין פּוילען — האָט עס דער בערדיטשעווער רב ז״ל באַלד דערזעהן בייא תקיעת שופֿר און האָט עס דעם עולם מודיע געוועהן; דער עולם האָט מעהר ניט באַדאַרפֿט נאָר פדיונות טראָגען און דער בערדיטשעווער רב האָט זיך שוין פֿאַרהאַקט, אַז נאָר איוואַן זאָלל בלאָזען שופֿר ביז ער האָט דעם וויכטען גזר דין מבטל געוועהן. — אַז דער ישמעאל האָט אַמאָהל געזאָלט שיר שיר אַריין קיין פּוילין בעת דער טערקעשער קריעג — האָט זיך דער גרויסער ר׳ פּנחס קאָרעצער אַנגעשפּאַרט מע זאָלל קיין לעכט ניט אָנצינדען צום שלוש סעודות אֶפֿשר ביז 2 אַ זייגער באַנאַכט — און האָט זיך אינדערפֿינצטער אַזוי לאַנג געראנגעלט מיט׳ן שר של ישמעאל, ביז ער האָט איהם אַרויסגעפּערעט צוריק קיין סטאַמבעל! — אַז דער קירה׳שער מלכות יאָזעף האָט אין זינען געהאַט אויסטיהן דיא יאַרמעלקעס פֿון גאַליציער יודען, און דיא גזרה איז שוין כמעט געוועהן אָנגעשריבען — האָט ר׳ ליב שרה׳ס, מיט

קפיצת הדרך, געטאַנצט אַ גאַלאָפּ פון מעזיביז גלייך קיין וויען, און האָט אַזוי לאַנג געאַרבייט אויף אַללע כלים ביז ער האָט שוין טאַקי אויס־געפיהרט. היינט אומשטיינס געזאָגט, ווייסען דיא גיטע יודען אַפילו ניט, וואָס מיט זייערע אייגענע טעכטער טוהט זיך, בייא זייא אין שטוב... און גאָר אומגערעכט, מע ווייסט ניט פון וואַנען און פון וואָס, קומט דער גזר דין אויף יודען — און חאָטש שרייא חיי וקים, העלפט שוין ניט קיין טאָטער און קיין דאָקטער ! ר׳ מיכציא תכשיט, אַ יוד אַ־נ־עגלה תמימה, אַ יוד אַ חסיד, אַ ווילדער מקורב, זיצט זיך אַזוי אין קלייזעל בייא אַ שאַרף ביסעל תקון, און שמיעסט איין מיט דער חברה, אַז אי״ה היינטיגען שבת נחמו, וועט ער שוין זיבער חתונה מאַכען זיין זעליג׳לען, וואָרען ער איז שוין טאַקע, אָהן עין הרע, אַלט קרוב צו 18 יאָהר און דער מחותן וויל שוין גיכער חתונה מאַכען ! — ער רעדט זיך דאָ אַזוי בתמימות, דערווייל ווערט אָפּיאַוויט דער זאַקאָן פון דיא 21 יאָהריגע ! און אונזער זעליגעל מוז ווייטער בלייבען אַ בחור ! ר׳ נחמן טראַסק, מיין גמרא כלמד, איך זאָג אַייך, אַ יוד, אַ ציאַצקע— גערט זיך געביך אָפּ דיא פיעס היינטיגען בין הזמנים, און האָט זיך אַזוי בתמימות צונויף געשלעפּט אַ גאַנץ פיין קנעלינג — ער שלעפּט דאָ צו־נויף, און פלוצים קומט אָן דער סראַק פון פאַרמאַכען דיא הדרים ! — שמואל שיינקער, אַ יוד אַ בריה, איך זאָג אַייך בנאָמנות, איין קינצלי־כער שיינקער אין דער וועלט זיצט זיך אַזוי, היינטיגען פאַר נאָוועגאָד, מיט׳ן ווייב — אויך זעהר אַ בריה אַ יודענע, בנאמנות. — און פּלאַנע־וועט אויס אז נאָוועגאָד נעמט ער אַ פאַטענט אויף ראַספיוואָטשנע און נאַווינאָס און אַ פאַטענט אויף אַ ריינסקאָוואָי פּאָגראָב און וועט איןביידע זאַוועדיעניעם זעטצען זיינע 2 מיידליך — זעהר שיינע קינדער בנאמנות— און דיא טאָרגאָווליע זאָל געהען אויף אַלע אַסטאָווקעס ! — דאָ פּלאַ־נעוועט ער אָפּ, דערווייל אָבּיאַוויטמען איהם דעם געזעטץ פון סאָבס־טווענע אָסיעדלאָסטען ! נאָ — אָט דיא אַלע זאַכען פליגען אַמאָהלי־גע צדיקים ווייסען ברוה״ק נאָך מיט אַ יאָהר פריהער ווען מע האָט עס נאָך גאָר ניט געוויסט — היינטיגע צדיקים אָבער האָבען זיך אַזוי מכל

וכל אויסגעטיהן פון עולם הזה אינטערעססען, אז זייא ווייסען אפילו ניט וואס מיט זייא אליין טוהט זיך! — זייא זיטצען זיך, אהן עין הרע, אזוי פיין בייא דיא פדיונות טישלעך — איך זאג אייך בנאמנות, אז זייא פאר־שיינען דיא וועלט! און לייענען זיך אזוי בתמימות דיא קוויטליך, און זענין אזוי בתמימות איטליכען און איטליכער מבטיח זייערע בקשות, און וויללען זיך נעביך אזוי בתמימות לעגען שלאפען — אינמיטען דער־הינען קוממט אן א איספראווניק צו א סליעדאוואטעל מיט א בעפעל און שלאגט זייא איבער דעם עסק... נא אויף ווערהמען האט מען זיך שוין היינט צופערלאזען? — היינט פרעג איך אייך זשארגאניסטען, אויף ווער־מען האט איהר זיך ביז אהער פארלאזט, פארשלאפען דיא גאנצע צייט, פארפערטיגט אלע אייערע ביכלעך צום דרוקען און גאר לחלוטין ניט געדענקט פון דעם וויסטען, פינצטערען גזר דין, וואס אויף אייך איז נגזר געווארען!? איהר האט זיך אפשר פארלאזט אויף דיא העברייעשע גא־זעטניקעס, אז זייא דארפען אוודאי וויססען און מודיע זיין א גזרה באצייטענס? הא? דאס האט איהר זיך אוודאי ניט געקענט דענקען! — איהר ווייסט דאך, אז אונזערע העברייעשע גאזעטניקעס גיבען זיך ניט אפ מיט אזעלכע קלייניגקייטען, וויא למשל גזרות, רעפארמאציעס, לעבענס פרא־גען, פאלקס — אנגעלעגענהייטען וכדומה — זייא זענין נאר מודיע וועלט קאטאסטראפען, וועלכע זענין נוגע דעם כלל! למשל א מזל טוב פון זיי־ערע איין אבאנענטקע אז זיא האט א יונגעל געהאט. — וויא בערשירער טלתים געפינען זיך צום פערקויפען. — עפיס איין אלטען שטורמאקס גילדענע האכצייט. — הספד'ען איבער וועלטבערימטע מענער, וועלכע האבען אפגעלעבט צו 80—90 יאהר — און ביז אין הספד אריין האט מען ניט געוויסט פון זייא... בשורות אויף נייע ספרים, למשל: ספר כתר כהונה (כהנים זאלען זיך לערנען וויא אזוי זיך נוהג זיין אום פאלל, אז דאס ביהמ"ק וועט געבויעט ווערען...) ארונו־של־יוסף — (דרשות אויף דער תורה) וכדומה — נא, היינט אויף ווערהמען האט איהר זיך פארלאזט און ביז אהער געשוויגען, ביז דער וויסטער גזר דין איז ארויס בתוקף עוז! —

—„וואס ווילסטו פון אונז, משוגענער צחקיאולי! וואס פלוידער־

סטו, וואָס פֿאַר אַ גזר דין האָט זיך עס דיר געחלום׳ט! זאָג, זאָג! זאָג גיכער וואָרען דיא פרעסס־מאַשינע איז געבליבען שטעהן אין דער מיט דרוקען, אונ אַלע בערדיטשעווער מוכרי־ספֿרים זענין זיך שוין אָנגעפֿאָהרען קיין באַלטע אויפֿ׳ן יאַריד! זאָג! אֶפֿשר האָט מען חלילה פֿאַרבאָטען זשאַרגאָן? האַ? — זאָג, וואָרען מיר זענין אויסער זיך!...“

— אַ יאָ איהר האָט זיך שוין דערשראָקען! — וויא זשע זאַנט איהר געוועהען ביז אַהער? וואָס האָט איהר עס אַזוי פֿאַרלאָזט אין דער לאַנגער באַנק אַריין? —

— „וואָזשע איז אַזוינס? אָבער ניט חלילה עפּים אַ גזרה אויף זשאַרגאָן?! —“

— אַ גזרה וואָלט חלילה נאָך גאָר קיין גרויסער אומגליק ניט געוועהען! אַ גזרה ווערט אָפּט געמאַכט מיט אַ געוויסען סראָק, כדי מענשען זאָללען זיך קעננען מכין זיין דערצו אונ קיין שאָדען נישט ליידען! דאָס ברידער איז אַ גזר דין וואָס מיר האָבען שוין קיין תקוה ניט אויף וויטער! —

— „נאָ אַדרבא, זאָג זשע אונז גיכער, לאָמיר זיך באַציימען אַרימקיקען, אֶפּשר וועלען מיר זיך נאָך קענען עפּעס ראַטעווען! —“

— וואָס ראַטעווען! איהר זאָלט וויסען פֿון וועהמען דער גזר דין איז אַרויס, וואָלט איהר אַלע שוין בעדאַרפֿט פֿאַלען מיט דיא פנים׳ער צו דער ערד, אַוועקלעגען אייער שרייבגעצייג אויף אייביג אונ כורעים ומשתחוים זיין פֿאַר איהם, וואָס ער האָט אונז, בידנע זשאַרגאָניסטען, ביז אַהער געלאָזט לעבען!...

— „זאָגזשע גיכער ווער איז דאָס, דער גוזר הגזרה!?“

— דאָס איז ברידער, אַ מאַנן, וואָס ער האָט אויף זיך אַליין מעיד געוועהן (פֿרעגט דעם בעל המפֿתח, ה׳ שאַצקים). אַז סע וועט זיין אַ צייט, וואָס גאַנץ אייראָפּע וועט איהם קומען אָנקיקען אויף הדושים!...

— „נאָ מאַלע וואָס ער אַליין זאָגט אויף זיך! אָבער וואָס זאָגט יענער? —“

— שטילל חצופֿים! עזות פנים׳ער! — איהר ווייסט ניט וועהמעס כבוד איהר בעריהרט איצט? — דאָס איז אַ מאַנן, וואָס ער האַרט

ניט אויף יענעמס ליב, ער ליבט זיך אַליין; ווייל ער זאָגט אַז גאַנץ אייראָפּע וועט איהם קוממען אָנקוקען אויף חדושים, פֿאָלגליך, אַז ער פֿיהלט בייא זיך, אַז ער איז אני ואפסי עוד! (איך און ניט קיינער! ...) „איך — זאָגט ער — אַז איך זעה דיא איבריגע העברייעשע רעדאַקטערען, וויל איך אַזש ברעכען, און מיין אַרבייט ווערט מיר נמאס ומאוס, וואָרען ווער וויל זיך עם גלייכען מיט אונז!" (שיק!) [השחר שנה חמישית צד 592] „איך בין פֿון גאַנץ נידריגען שטאַנד געהעכט און געקריינט געוואָרען (דאָס איז דוקא אֶמת!) און איך מיין צו זיין אַ לעהרער פֿאַר דער גאַנצער וועלט און וועל מיט מיין תורה בעלייכטען דיא גאַנצע וועלט! אַזוי וויא יודען נאָך יציאת מצרים!" (שיק)! [השחר צד 80 שנת הנ"ל] „איך זאָג אייך, אַז מיין השחר איז פֿאַר זיך אַליין אַ פֿאָלגע ליטעראַטור אין אַלע וויססענשאַפֿטען דער יודען! אַ קוואַל פֿאַר חכמים, אַ לעכט פֿאַר איסטאָריקער א. ז. וו. (שיק!) [השחר שנה ששית צד 4] „איך בין. . . —" נאָ געננג נאָ! מיר ווייסען שוין וועהמען דוא מיינסט! דוא מיינסט פרץ סמאָלענסקין, וואָס. . ."

— וואָס זאָגט איהר עפּיס אַזוי כלאחר יד „פרץ סמאָלענסקי"! וואָס הייסט עס פֿאַר אַ תנועה, אַוועק מאַכען יעדער זאַך מיט דער האַנד! גלאַט פרץ סמאָלענסקין — מעהר ניט! האָ? —

— „וואָזשע נאָך? מיר ווייסען איהם פֿון אָדעסאָ, בעת ער איז געוועהן בעלפֿער ביים בערדיאַנסקער רב'ס קינדער, בעת ער האָט אויסגערעדט דיא גאַלל על ה' ועל משיחו וויא אַלע ליטווישע ישיבה בחורים אַז זייא דערשמעקען אַ שטיקעל אָדעסער פֿרייהייט, און בעת ער איז שוין גאָר נעלם געוואָרען פֿון אָדעסאָ קיין וויען; בעת דיא אַללע פערעיאָרען ווייסען מיר איהם ניט מעהר וויא פֿאַר פרץ סמאָלענסקין נאָ וואָזשע ווילסטו פֿון אונז האָבען? —

אַיי חצופים! פֿון אייערע, קלאָמערשט נאַאיווּנע, רעד, זעה איך אַרויס, אַז איהר ווילט איהם משפּיל זיין! — וואָס מאַכט איהר זיך דאָ כלא ידע? איהר ווייסט דען ניט, אַז ער איז דער מאָרגען שטערען פֿאַר זיין פֿאָלק? אַז ער איז דער איינציגער אַבגעזאַנדטער פֿון חברת חברים כל ישראל, פֿיר דער רומיניער מיססיע!? — אַז ער איז דער קריטיקיר

איבער מענדעלזאָהן מיט זיין סיסטעהם, איבער גרעטץ, איבער גייגער און בכלל איבער אַללע גרעסטע אייראָפּייעשע יודישע מעננער! ? — אַז ער איז דער הייסער יודישער פּאַטריאָט און רעליגיעזנער, וועלכער וויל נאָר אַיינפּליסען יודען דיא אמונה אין ביאת המשיח!...? אַ דיא אַלע זאַכען ווייסט איהר דען ניט ? טאָ וואָזשע מאַכט איהר עפּיס אַזוי אַוועק אונטער דער האַנד „פּרץ סמאָלענסקין!" אָמת טאַקע, ביז אין פֿאָהרען קיין וויען איז ער טאַקע נאָר געוועהן פּרץ (אַפילו ניט סמאָלענסקין) בעלפֿער, אָבער קוים ער איז אַריבער דיא גרענעץ, איז ער שוין גאָר ניט דער געוואָרען! איבער איין נאַכט איז ער שוין געוואָרען ר' אליעזר בן עזריה מיט 18 שורות באָרד, אַ קשיא אויף אַזא ליטוואַק; ער קען זיך אַ־נ־האַם אויך ווערען אַז ער וויל!...

— „מיילא אַ־נ־עק לאָז דאָס האָבען! טיהען מיר דיר צוליעב און לאָז ער הייסען וויא ער ריהמט זיך ר' פּטר הגדול הגבור והנורא — נאָ זאָג זשע שוין זיין גזר דין אויף אונז! וואָס מיטשעסטו אונז אַזוי לאַנג?"

— דעם גזר דין? גוט! וואַשט זשע אייך דיא הענד און זאָגט לשם יחוד, און שטעלט אויף מויל און אויערען און זייט אויף זיך מצדיק דעם דין! —: איינער דיענעזאָהן שרייבט אַ מאמר „ההרגל והבקרת" אינ׳ם השחר (שנה ז' חוברת חמישית צד 241) און אין דעם מאמר בעריהרט ער ישראליק׳ס אַ קאָררעספּאָנדענט פֿינ׳ם אַרטיקעל „אַ אויסוואַהל מחברים" און זאָגט אויף איהם אַזוי: (ווערטליכער איבערזעטץ) הגם דער שרייבער איז אַ וויסענשאַפֿטליכער מענטש און בעזיטצט פֿעיגקייטען דאָך איז ער אויך געהאַפּט געוואָרען אין קנאה שנאה! אויף דעם זאַטץ מאַכט ר' פטר הגדול הגבור והנורא זיין הערה בזה הלשון: „אַ וויססענשעפֿטליכער, אַ פֿעיגער — און שרייבט זשאַרגאָן !!! דאָס איז דאָך 2 קאָנטראַסטען אין איין סוביעקט!?— (אַ יאָ אַ וואַהרע לאָגיקע!) און דאָס אַרטיקעל האָב איך נאָר דערפֿאַר אויף גענומען אין מיין השחר, בכדי איך זאָל מיינע שרייבער אַרויסשלאָגען פֿינ׳ם קאָפּף זייער מיינונג, וואָס זייא מיינען אַלץ, אַז דיא פֿאַרדאָרבענע שפּראַך (זשאַרגאָן) איז טאַקע אַ שפּראַך, און דיא וואָס שרייבען אין איהר, זענען טאַקע וויסענשאַפֿטליכע און פֿעיגע מענטשען — המו"ל..." — יעצט ברידערליך,

פֿאַרפֿאַלען אונזער יאָהרען-לאַנגער טרוד! — דער גזר דין איז שוין אַרויס און מיר זענין געבליבען אויפ׳ן וואַססער!...

— „וואָס רעדסטו? עס קען ניט זיין, אַז ר׳ פטר הגדול הגבור והנורא זאָל זיך אַליין סותר זיין; עפּיס אַ קלייניגקייט, אַזא מאַנן וויא דוא זאָגסט, וועט שרייבען זיך אַליין ווידער שפּרעכענד! אָט טוה אַקוק [אין השחר שנה ה׳ צד 350] וויא ער נעמט אָן שבחים ביז אין הימעל אַריין אויפ׳ן זשאַרגאָניסט אַייזיק מאיר דיק, און זאָגט אַליין אין זיין הערה אַז דער ד״ר יעללינעק האָט געקויפֿט אַללע זשאַרגאָנישע ביכלעך פֿון דיק׳ן און האָט גרויס פֿערגניגען געהאַט פֿון זייא!... זעה ווידער [השחר שנה ה׳ צד 592] זאָגט ער אַליין אַ בשורה, אַז דער היועץ אין זשאַרגאָן איז אַרויס אין רומעניען, און רעדט צו אַללע יודען זאָלען איהם נעמען, וואָרען — זאָגט ער — פֿאַר דיא לאַנדער, וויא יודען רעדען נאָך זשאַרגאָן, איז זעהר גיט און נוצליך אַ זשאַרגאָניש צייטונג, בכדי מע זאָל דעם פֿאָלק עפֿענען דיא אויגען זייא זאָללען זעהען וואָס דיא היינטיגע צייט פֿאָדערט א. ז. וו.!... זעה ווידער [טאַקע דאָרט צד 595 אין דער הערה] וויא פטר הגדול הגבור והנורא אַליין שטיצט זיך אַקייגען דיא כלבים (אַזוי רופֿט ר׳ פטר דיא אַנדערע העברייעשע רעדאַקטערען!) מיט׳ן רומעניער היועץ און זאָגט, אַז דער היועץ ווייסט זיך אַודאַי גיט זיין פֿאָלק מיט זייערע חסרונות!... היינט זעה [השחר שנה ששית צד 312] וויא ער באַקלאָגט מיט אַ ביטער האַרץ, וואָס דער קול מבשר האָט אויפֿגעערט און זאָגט דאָרט בזה הלשון: דער קול מבשר האָט אַ גרויסען רושם געמאַכט ביים פֿאָלק! וכו׳ — דער יוד האָט געעפֿענט דאָס בלאַט איז איהם ליכטיג געוואָרען אין זיינע אויגען! וכו׳ — וויפֿיעל האָט דער קו״מ צושלאָגען דאָס פֿאַנאַטיזם, מאַשענסטוועס, חסידיזם און צבועקים וכו׳ — מיט איינעם וואָרט דיא טובה וואָס דער קו״מ האָט געמאַכט צווישען יודען האָט גאָר קיין עק ניט און יודען האָבען דאָ אַ שאַטץ פֿאַרלוירען! — זעה ווידער [השחר שנה ו׳ צד 585] וויא ער לויבט אַבראַמאָוויטשען בזה הלשון „דער געוויסער יודישער ליטעראַט ה׳ ש״י אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט אָנגעשריבען אַ סך וואונדערבאַרע ספרים אינ׳ם זשאַרגאָן, וועלכע זענין זעהער קונסטבאַר

און סאַטיריש און דיא לעזער זענין מלא תענוג פֿון זייא וכו׳ ! . . . מיר האָבען דיר נאָך פֿיעל שטעללען צו ווייזען אינ׳ם השחר — וויא ר׳ פטר הגדול הגבור והנורא פּראָטיזשירט זשאַרגאָן, און זשאַרגאָנישע שרייבער רופֿ״ט ער בכבודו ובעצמו אנשי דעת, משכילים, חכמים ונבונים וכו׳— היינט וויא קוממט עס ער זאָלל זיך דאָ אַזוי מיאס ווידערשפּרעכען אַלליין ! — איז ער זיך טאַקע הפנים דאָס, פֿאַר וועלכען מיר קענען איהם ! . . . ניט אַזוי וויא דוא ריהפֿסט איהם ! . . .״

— אַיי לאָזט מיך צוריה, איך בייט אַייך ! וויא הייסט, איהר פֿרעגט קשיות אויף אַזא וועלט-ליטעראַט, אויף אַזא הויכען פובליציסט ! ? אָלא מאי אין אַלע זיינע שרייבעכצען ציגט ער זיך דאָך (וויא אַלע מחברים) פֿאַר אַ פֿאָלקס-מיטליידער, און [אינ׳ם השחר שנה ה׳ צד 401] זאָגט ער בפֿירוש, אַז אַזוי וויא קבצנים גיבען ניט קיין שטייער-טורען זייא קיין דעה ניט זאָגען אין שטאָדט זאַכען ! נאָ פֿרעגט איהר קשיות וואָס אַזא מאַנן טעלעפּעט מיט דער צונג אַ היען און אַ הער ! ? —

—„ נאָ זענ״ן מיר זיך טאַקע ווייטער גערעכט !

— סטאַטש, נאָ, און דאָס, וואָס ער עקט זיך נעביך פֿון דיא כוחות, פֿאַר וואָס מענדעלזאָהן זאָגט, אַז יודען — זינט זייא האָבען פֿאַרלוירען זייער זעלבסטשטאָנדיגקייט —זענין ניט קיין פֿאָלק, נאָר אַ סעקטע פֿון איין גלויבען ! דאָ זעהען מיר זיך, אַז דער מענש לעגט אַן דיא וועלט פֿאַר ביאת המשיח, פֿאַר דער גאולה שלמה וכו׳״ ! —

— „הערסטו ! טאַקע ווידער אויף אונזערע רייד ; ווייל ער איז איין אַפֿעריסט, אַ ליטעראַרישער-צבועק — וואָס וויללט זיך פֿאַר אָרטאָדאָקסישע גבירים מאַסקירען, כדי זיין השחר מעהר צופֿאַרברייטערען— און פֿאַר דיא לשון קודש מחברים׳ליך דערווייזט ער, אַז ער שטעהט מיט 99 שטופען העכער פֿון זייא ; ער קריכט אויף דיא גרעסטע און וואַרפֿט זייא אַראָפּ פֿינ׳ם ביינקעל ! . . .״

— אַיי הערט אויף, איך בעט אַייך ! איהר רעדט אַזוי וויא משוגעים — נאָ און דאָס וואָס דיא חברה „חברים כל ישראל״ האָט איהם אויסגעקליבען פֿיר רומינער מיססיע וועגען ! ? —

„טאַקע אויך איבער דעם; אין אַזא שמוטץ אַריין וויא רומיניער פוילישע יו־דען שיקט מען אַזא שמוטציגען ליטוואַק — ווען מען האָבען אונזערע חכמים, דיא בעלי הגמרא, געשיקט אַ פּראָצעס פיהרען מ ט דיא מצריים בייא אַלקסנדר מוקדון? אויך אַ קליין מעלקי מענטשעל וויא גביהאָ בן פסיהאָ, בכדי אַז ער וועט גיט פועלין זאָללען דיא מצרים ניט האָבען וואָס צו לאַבען; מחמת זייא וועלען זיך זעהען, אַז ער איז קיין מענטש ניט!... צווייטענס מיר זענין געוועהן דערבייא? מיר ווייסען, וויא אַזוי דיא מיססיע קומט צו איהם? צי האָט ער זיך ניט מיט טויזענטער ליטווישע אַפּערעס אָנגעוואָרפען אַז מע זאָל איהם שיקען? און צום אֶמת טאַקע, משוגע וואָלט באַדאַרפט ווערען דיא חברה אויסצוקלויבען אַזא רויען יונגאַמש, אַזא ניעוועזשע, אַזא אונחאַראַקטערנע, וועלכער האָט אַפילו קיין אויעזדנע שוללע ניט דורכגעמאַכט, נאָר וואָס ער איז אַרויס פון דיא שמוטציגע כלבונישע, ליטווישע ישובות מיט אַ ביסעל לשון קדש — האָבען זייא קוים, אונטער אַללע דאָרטיגע בעריהמטע קאָפּף, געפינען אַ דאָס ווינשפינגערעל צושיקען אַ פאָלק רעפאָרמירען, שוללען שטיפטען זיין אַדמיניסטראַציאָן צו פעראָרדנען!???? — מן הסתם דאַרף דאָ עפּיס זיין, אַזוי וויא מיר געפינען אין תלמוד וויא געמיינע נידריגע מענטשען האָבען דורך חאַבאַר און אַנדערע נידריגע מיטלען פאַרטרייטען שטע־לען פון כהן גדול אין ביהמ"ק...

גוואַלד וואָס רעדט איהר, ברידער! מיר זעהען דאָך, אַז אַ סך פון אונזערע מחברים־משכילים אין אַזוי אַריסטאָקראַטין לעזען זיך דעם השחר און קוועללען פון איהם!?

„טאַקע אַלץ דאָס, דער אַפעריסט ווייסט, וויא אַזוי דער היעגער משכיל און בכלל דיא היעגע אַריסטאָקראַטיע פראַהלען מיט העברייעש, שטעלט ער זיך אַרויס פאַר אַ מנחם אבל'ניק אויף דער שפה העבריה, און פראַהלט אויף וואָס דיא וועלט שטעהט! —"

— איך פאַר שטעה אייך ניט בנאמנות, וויא הייסט, אין זיין בידנע ביסעל העברייעש ווילט איהר אויך געפינען חסרונות? וואָזשע? אין העברייעש איז ער דאָך אַוודאי אַ בריה!

„דוא ביסט אַ זשאַרגאָניסט, און פרייגסט אונז [illegible]כע קשיות!

ציא רעדען מיר דען דאָ פֿון בריהשאַפֿטען? מיר שמיעססען זיך גאָר עפּיס אַנדערש. — אַזא פֿויגעל וויא דוא לויבסט איהם אָפּ, דאַרף זיך עפּיס האָבען אין זיך ניצליכעס, וויכטיגעס ערהאַבענעס, ניט קיין בריה־שאַפֿטען, און אין זיין גאַנץ העברייאיזם שטעלט ער זיך נאָר אַרויס מיט זיין בריהשאַפֿט! אַ דאָס זאָגען מיר דיר, אַ זיין לשון קודש פּראַלערייא איז טאַקע נאָר פֿאַר דיא פּראהלערישע העברייעשע לעזער! אָבער פֿאַר אונז זשאַרגאָניסטען האָט עס קיין ווערטה ניט! מיר שרייבען ניט אום ציפּראהלען, מיר שרייבען ווייל אונז טיהט וועה נעביך אונזער בידנע פֿאָלק! מיר שרייבען ווייל אונזערע געוויססען זאָסטאַווען אונז צושריי־בען. — מיר שרייבען מיט אונזער בליט און מאַרך! מיר שרייבען נאָר דאָס, וואָס מיר דענקען צונוצען דעם פֿאָלק — נאָ, פֿאָלגליך ווייסען מיר זיך שוין, וואָס שרייבען הייסט און וואָס פּראַהלען הייסט! זעהען מיר דאָך, אַז דאָס, וואָס אַ זשאַרגאָניסט שרייבט אָפּ־אין איין בלעטעל פּראַ־הלט עס דער לשון קודש'ניק אין צעהען און סע איז ערשט ניטאָ אויף וואָס צוקיקען!...“

— ע. ע. ע... איהר רעדט שוין טאַקע גאָר וויא פֿאַרריקטע! נאָך אַ מאָהל, מיר ווייסען דאָך, און אללע שרייען אויך אַזוי, אַז העברייעש רעדט דאָס אוים אין איין וואָרט, וואָס אַנדערע שפּראַכען דאַרפֿען עס רעדען אין 10 ווערטער צום סוף קומט אַייך משוגעים אוים פונקט דער היפּך! . —

„אַיי עלי־קצין, ביסט נאָך הפנים גאָר רויא! אמת דיא אַלטע שפּראַכען רעדען טאַקע שאַרף און קורץ, נאָר ווען זשע? ווען מיר רעדען אויף דער אַלטער שפּראַך פֿון איין אַלטען געגענשטאַנד, פֿון איין אַלטער אידעע; עס הייסט פֿון אַזעלכע אידעען, וועלכע זייא האָבען שוי עקסיסטירט, נאָך בימי דיא שפּראַך איז געוועהן אַ פֿאָלקס־שפּראַך. — אָבער קוים ווילען מיר רעדען עפּיס אַ נייע ידעע־אויף דער אַלטער שפּראַך, דאַן סטייעט קיין ווערטער ניט, און מיר מוזען אנשטאַט 1 אַרימריידען מיט 10 ווערטער, און ערשט דעמעלט קיממט דיא ידעע ניט אוים דייטליך, און פֿאַלזיניג וויא עס דאַרף צו זיין! —“

—איך האָב אַ קליין מוח'ל—גיט מיר דאָס אייגענע צופֿאַרשטייען ע"פּ משל.

„גיט דיא ווייסט מן הסתם, אז אַ פֿאָלק, איז אַקוּ-
ראַט וויא אַ איינצאַהלנע פֿאַמיליע, פֿאַמיליען גיבט עס פֿערשיעדענע :
אַ פֿאַנאַטישע פֿאַמיליע, א געבילדיטע, א בעל-הביתישע, אַ אַריסטאָקראַ-
טישע, א אָרימטע, א רייכע, א אָרפּאַשנע, א נאַבלאָססיגע, א קראַנקע,
אַ העלדישע, א טרוסליווע וכדומה — נאָ, נעם למשל איינע פֿון דיא
מיני פֿאַמיליעס, לאָמיר אָנחאַפּען, איין אָרימע פֿאַמיליע — וואָס דער
גאַנצער ווערטער-בוך פֿין איהרע ראַזגאַוואָרען, באַשטעהט נאָר אין דיא
בעגריפֿען, אין דיא וואונשען, אין דיא האָפֿנונגען, הכלל אין דער אַרט
אונד וויזע לעבען, אין וועלכער דיא פֿאַמיליע לעבט און ווירקט — און
שפּרעך מיט איהר אויף אַ נגידישען לעקסיקאָן אָדער פֿאַרקערט שפּרעך
מיט אַ נגידעשער פֿאַמיליע אויף אַ קבצנישען לעקסיקאָן — וועלען
דיך געווים ביידע ניט פֿאַרשטעהן — דיא אָרימע וועט ניט וויססען,
וואָס דיא מיינסט "אַ טיש-סערוויז אויף 36 פּערזאָן" — „אַ בופּעט לייבען
דעם שפּייז צימער" — א שפּאַן אויף 6 רוסאַקעס" — און דיא נגידי-
שע וועט ניט ויסען וואָס דיא מיינסט „אַ מעזיסיטקע מיט וואָלעכשען
באָרשט" — „א קוואַשע און שקצים'ליך מיט מאָהן" — „בולבעס מיט
א וויענער יאָך" און אום דיא ווערטער גיבען דער אָדער דער פֿאַמיליע
פֿערשטעהן, מוזטי יעדעס וואָרט אַרומרעדן מיט 10 ווערטער, און זאָג
אָבער דעם רייכען א טיש סערוויז און דעם קבצן א קוואַשע איז דאָס
קערץ און שאַרף און זייא פֿאַרשטעהן עס אין פֿאָללען זינען ! — אַזוי
איז, אז דיא וועסט דער פֿאַנאַטישער פֿאַמיליע זאגען „ביז משפּטים איז
געשיכטליך און ווייטער איז גיזעציך" אין דער געבילדיטער „ר' דודניא
האָט זיך געבאָרעט מיטן ס"ם אַליין" וכדומה... היינט פֿאַרשטעה
אַליין : צווישען פֿעלקער איז אויך דאָ, אַ פֿאַנאַטיש פֿאָלק, א פֿריידיינק-
ליך פֿאָלק, א העלדעש, אַ רייכס, א אָרעמס, אַ געבילדעטס, א אָר-
פּאַשנע, א נאַכלאָססיגס, א גייסטליכעס, א מאַטריעליש — וכדומה —
אָט למשל, גריכען זאַנען גיוועהן א פּאָעטיש פֿאָלק; ישמעאלים א ווילד
פֿאָלק; פֿיניציער (כּנען) א סוחריש פֿאָלק; — אשוריים, א נאַכלאָססיג
פֿאָלק; — רומיים, א העלדיש פֿאָלק; מצריים, א געבילדעט פֿאָלק;
יודען זאַנען געוועהן אַ גייסטליך פֿאָלק, נאָ מיט וואָס בעשעפֿטיגט זיך

אַ גייסטליך פֿאָלק ; — מיט שיהלען און במ״ד, מיט תהלים, מיט תפלות און בקשות, מיט טהעאָלאָגיע, מיט מדות און מוסר, מיט תורה און עולם הבא וכדומה — נאָ אַודאי קען מען דיא ערהאַבענסטע ידעע פֿון דער אַרט בעשעפֿטיגונג אויסדריקקען, אויף איהר פֿאָלקס שפראַכע אין שאַרפֿסטען און אין קורצטען, וואָס אין אַיין אַנדער שפראַך וואָלט מען עס באַדאַרפֿט זאָגען אין 10 ווערטער ובפֿרט אין זשאַרגאָן ! — למשל: „סליחות״ איז פֿאַרן העברייער גאַנץ שאַרף, קורץ און דייטליך — אַנאָ ווילט עס דייטליך ערקלעהרען אין זשאַרגאָן ? „שטעהט אויף צו סליחות!״ מוז דער גרעבסטער שמש שרייען, ניט שטעהט אויף „צו דעם, וואָס מע דאַרף בייטען, אַז גאָט זאָל אונז פֿאַרצייען אונזערע זינד ! צו למשל: דיא „הגדה„ מוזטו איהם זאָגען״ דאָס זאָגעניץ, וואָס מע זאָגט דיא נאַכט פֿון פסח! צו „שבת תשובה״ צו „יוצרות״ — דאָס איז אין פראָסטען גראַד — אינ׳ם העבערען גראַד העברייעש, ווייסטו זיך שוין דיא אַללע אָבאָראָטען פֿון דער שפראַכע, וויא אַזוי אַיין וואָרט — קוים מע רעדט אין דעם גייסט אין וועלכען דאָס פֿאָלק האָט זיך אַ מאָהל אָפגעגיבען — דייטעט אויף 10 ! . . . ווילט זשע אָבער מיט׳ן יודען שפרעכען, אינ׳ם העברייעשען, אויף אַ סוחרישען צו אַ פּאָליטישען צו אַ טעכנישען, צו אַ עקאָנאָמישען, צו אַ אַדמיניסטראַציאָן, צו אַ פֿיהזישען, צו—צו—צו— אַ וואָסער עס ניט איז פראַקטישען לעקסיקאָן — אַדאָ פֿעהלען איהם גאַנצע ווערטערביכער ! — אַדאָ, כוז מען איהם שוין מיט 10 ווערטער ערקלערען 1 וואָרט, און עס קומט ערשט ניט אויס אַזוי פֿאָלזיניג, וויא מע זאָל איהם נאָר זאָגען דאָס איינע וואָרט — נאָר אין זיין שפראַכע (פֿינם וואָרטס). אייניגע פֿון אונז שרייבען זיך העברייעש אויך און דוא האָסט דאָך אויך געשריבען העברייעש, נאָ, ווייסען מיר דאָך שוין דעם גאַנצען אָבאָראָט פֿון דער שפראַכע, אַז זיא איז אַקוראַט וויא אַ חזן אָהן אַ האַלז. ביז אין אַ טרעל אַריין וואַרפֿט ער זיך פֿרייא אין אַלע זייטען, קומט איהם אָבער נעביך אויס אַ טרעל, אַ שטייגער באַ „איה״ אָדער בייא „שמחנו״ פֿון ברכות הפֿטורה — אָדער בייא „מגן אברהם׳ וכדומה, אַדאָ אַרבעט ער אויף אַלע כלים, מיט דער צונג, מיט דיא ציין, מיט׳ן גומען מיט׳ן גראָבען פֿינגער אין גאָרגעל אַריין, וויא מיט׳ן שפּיץ צונג אין שופֿר אַ-

ריין—צין אַ תרועה—און מיט דיא זייטען (איך האָב געזעהען אַפילו אַזא מין און האַלזיגען חזן, וואָס בעת ער איז געקומען צו „אַיה" האָט ער זיך אַנגעשרומפּען און נידריג געמאַכט כמעט ביז צו ד־ר־ערד, און מיטן דרייען דעם „אַיה" האָט ער זיך אַליין שטופּען וויים אויפגעהייבען אויפגעהייבען, ביז צום לעצטען קנאַק איז ער אויסגקוממען אויף דיא שפּיצפינגער!...) ביז ער מיינט, אַז ער האָט שוין דאַבט זיך אויסגעדרייט דעם „אַיה" אַזוי קינציג, וואָס דער חראַברעסטער קאַוואַ־ ליער וועט אַזוי ניט אויסדרייען זיין דאַמע בייא דער זעקסטער קאָליענע פון קאַדריל — און נאָך אַלמען, האָט זיך פאָרט דער עולם ניט געקיהלט אין זיין "אַיה"... אַזוי איז מיט׳ן העברייעש. — רעדען מיר אויף איהר אונזערע אַלטע מאָראַלישע, סאָפּיסטישע. פאַנטאַסטישע ידעען, סע הייסט, אַז מיר רעדען אויף איהר, דאָס וואָס מיר ווילען, אַזוי וויא שטייגער זאָגען בייא אַ חזן — סע הייסט: וואָס עס וועט זיך שוין רעדען דאָס ווילען מיר — אָ אַ דאָ געהט עס וויא אַ מזמור! אַ דאָ קען מען אָפּשרייבען אַ גאַנצען „כנור דוד" אין תרפ״ט אלפים באָנדער! אַ „תהלה לאל", אַ „מעלל יה" אַ „גדולים מעשי ה׳„ אַ „קנים והגה והי" אַ אל״ף בי״ת לפסח, לשבועות, לסוכות, לפורים, לחנוכה! אַ „שבח והודיה" אַ „אבל כבד" אַ „מספד מר" אַ „לפ״ק" אַ בהדר״ג מיט אַ חז״ק! — נאָר קוים קוממט צו עפּיס איין אייראָפּייעשע ידעע; קוים רעדען מיר אין העברייעש דאָס, וואָס מיר מוזען און דאַרפען רעדען וויא דער בידנע חזן מוז דרייען דעם „אַיה" — אַ דאָ קוממט אונז נעביך אויס קרוטאָ! אַ דאָ יודישען מיר זשאַרגאָנישע ווערטער, מיר לעגען אָן וועג ארום צו געהען דעם „אַיה" מיט איבריגע ווערטער און פראַזען, מיר שטופּען אין סקאָפּקעס אַריין דיא טייטש פון דעם וואָרט; הכלל מיר טע׳עפּען אַרויס אַ צינג אויף אַ מייל, און דיא ידעע קוממט פאָרט אַרויס זאָווערליך. — וואָרען וואָס זאָל דאָ אַרויסקוממען, אַז ס׳איז פאָרט קיין ווער־ טער ניטאָ! — אַז דיא 2 ווערטער "פּאָליטישע עקאָנאָמיע" — „כעמי־ שער פּראָצעס" — יוריסטישער פאַקולטעט" — „קאָנסיסטוציאָנעלע פערפאַססונג" — „קאַססאַציאָנע דעפּאַרטאַמענט" — „פינפּראָצענטנע באַנקביליעטען"—רעפּובליקאַנישע ראַדיקאַלען" וכדומה זענין פאָרט ניטאָ

אינ׳ם גאַנצען העברייעשען לעקסיקאָן אונ אַז איהר וועט זיך פֿון היינט ביז מאָרגען קוועטשען מיט "כלכלת-תהלוכות-הממשלה" צו „מכולת הערוכה לפי חקי הליכות עולם" וועט עס באין אופֿ׳ן ניט הייסען „פֿאָליטישע עקאָנאָמיע" אַזוי וויא דעם חזן׳ס גימנאַסטיקע וועט ניט הייסען דער אֶמת׳ר דריידעלדיגער-אַהה!... אונ „לשכת הדת ודין" צי „מערכת למודי — חוק ומשפט" צו „בית-ספר ערך דין" וועט ניט הייסען „יוריסטישער פֿאַקולטעט" א. ז. וו. צי לאָמיר פשוט נעמען אַ געוועהנליבע פֿראַזע, למשל „דיא מאָנאַרכיסטען האָבען פֿאַרלוירען אַללע אָפֿנונג" אונ לאָמיר עס איבער גיבען אין העברייעשען, שיין וויא דער געוויסער העברייעשער דיפלאָמאַט אַליין גיט איבער. — וועט אויסקומען אויפֿ׳ן וואָרט „מאָנאַרכיסטען" 8 העברייעשע ווערטער מיט אַ זשאַרגאָניש וואָרט אינטערגעשלאָגען: בעלי ברית, ממשלת מלך או קיסר (המגיד שנה 20—22 №) ווידער למשל; דיא פראַזע „וויל דער פֿינאַנסמיניסטער איז אַפראָגרעסיסט" קומט אויס אין העברייעשען 11 ווערטער „ומפני כי סגן האוצר הנהו אחד מאלה ההולכים קדימה לרוח הזמן" (שם) ציא „פאַרלאַמענטאַר געוועהלטע" קימט אויס אין 6 ווערטער. — „באי כח העם בבית ועד הלאומי" (שם)... צו דיא פראַזע למשל „יעדער מוז בעאָבאַכטען דעם קאָניגליכע געזעטץ" קומט אויס בייא ר׳ פטר הגדול הגבור והנורא אין 15 ווערטער „על כל איש ואיש החובה והמצוה לשמור ולעשות ככל החקים והמשפטים אשר תתן לנו הממלכה" (השחר שנה ו׳ צד 123) — נישמער דאָס הייסט זיך שוין געזאָגט שטייגער!... דערפֿון וועלען מיר שפעטער ריידען. — פֿון דעם אַלמען זעהסטו שוין אַרויס, אַז דיא שיינע העברייעשע פֿראַזע — עס הייסט דאָס שטייגער זאָגען — איז ניט נוטצליך, אונ דיא נוטצליכע ידעע, איז אינ׳ם העברייעשען ניט שיין אונ ניט פֿאַרשטאָנדליך. על כן הייסען בייא אונז דיא העברייער מיט׳ן העברייאיזם נאָר פראַלערייא, נאָר חזנישען שטייגער וואָס ניט נאָר זיא ברענגט קיין נוטצען דעם פֿאָלק, נאָר זייא מאַכען נאָך מיט איהר קאַליע! —"

— וויא הייסט? מיט וואָס מאַכט זיא אַשטייגער קאַליע? —

אָ דערמיט, וואָס עטוואָס אַ העברערע קלאַסס פֿינ׳ם פעבעל,

וואָלטען אַ מאָהל עפּיס געלעזען אַ זשאַרגאָניש ציימונג צו אַ בוך, און וואָלטען זיך גיכער ביסלעכוויים אויסגעבילדעט אין כאַראַקטער און אין זייערע נאַרישע פאַנאַטישע אַבערגלויבעריייען, ביז זייא וואָלטען מיט דער צייט געטויגט צו בעגרייפען און צו פּראָפּיטירען איינע אייראָפּייעשע בילדונג — נאָר איבער דעם העברייעשען פּראַלערייא, מיינט ער, אַז זשאַרגאָן איז אַ בזיון פאַר אַ פיינעם בעל הבית צולעזען, און העברייעשׁ קען ער זיך ניט, דערווייל בלייבט ער בייא זיינע הנהגות, בייא זיין כאַראַקטער, און ווערט ניט געבעסערט אויף איין האָר! — אַ סך איז נאָך גאָר פאַרהאַנען, פון דער מיטעלער קלאַסס, וואָס — כאָטש ניט קענענדיג — האַלט ער אַ לשון קודש בלאַטט אין שטוב, לפני הכבוד, אָדער ער זאָגט אַז ער האַלט, און אַז מע שלאָגט איהם עפּיס פאָר אַ נוטצליך זשאַרגאָניש בוך, צו אַ ציימונג האָט ער אַ מזומנעם תרוץ, „איך האַלט דעם המגיד, הצפירה, השחר, העברי, הצופה!“ וכדומה— און בלייבט אַיין אייביגע קאַליקע... —“

— נאָ, איז הפנים, נאָך אַייער מיינונג, העברייעשׁ גאָר איינגאַנצען איבריג! האַ?

— „בפרוש איבריג! מיילא ספרים אין העברייעשען איז נאָך צודערליידען, וואָרען חלעבען, וואָס געהט אָן דעם כלל, אַז אַ פּראָוואַט מענש מאַכט זיך אַ ספר אין עטוואָס אַ פּראָוואַט ענין! ממה נפשך — וויל מען — לעזט מען עס, וויל מען ניט — לאָז זיך דער מחבר ברוגז זיין (אויך, ווען אַ מחבר מיינט נאָר אין זיין ספר אַ ציעל פון טובת הכלל; איז שוין כדאי׳ר אינ׳ם זשאַרגאָן וויא אין העברייעשען) אָבער ציימונג, פאָלקס=ביכער, דאָס איז אינ׳ם העברייעשען סאָווער שענע איבריג היינט און סע רייסט נאָך אָפּ אָפשר $\frac{3}{4}$ פאָלק פינ׳ם לעזען! —

— „וואָזשע איז אַזוינס ציימונג און פאָלקס=ביכער ערגער אינ׳ם העברייעשען וויא פּראָוואַט-ספרים? האַ? —

— „גאָר פשוט; וואָרען פּראָוואַט ספרים וויא למשל, שירים, מליצות, דרשות, מכתבים, ספורים וכדומה, ווען דיא מיטטעלע קלאַסס לעזט זייא ניט איז קיין אומגליק ניט, און דער העברייער וואָס לעזט זייא יאָ האָט פערגניגען פון דער שפּראַך, מכי תיתי! וואָס לעגט מען

דאָ צו ? אַז יענעם זאָל ניט שאַדען און איך זאָל הנאה האָבען, מכי תיתי! — ציישונג און פֿאָלקס ביכער אָבער, וואָס, נאָך אונזערע מיינונג, מוז עס דער המון עם לעזען, בכדי דיא אויגען זאָלען זיך איהם עפֿענען, בכדי יעדער זאָל זיך אין זייא אָנשפּיעגלען, בכדי איינער פֿאַר'ן אַנדערען זאָל זיך שעהמען שלעכטס צו טוהן, בכדי אַ חסרון און אַ מעלה זאָלען פּובליקירט ווערען עפֿענטליך, בכדי אַרויסצופּאָמפּען פֿינ'ם פֿאָלק זיין פֿאַרדאָרבענע לופֿט און איהם אַריינבלאָזען פֿרישע, געזונדטע, און שמעקענדיגע לופֿט בבדי... בכדי... בכדי... צו מאַכען איהם פֿון נאָר יוד, מענש אויך! היינט, וואָס זשע וועט אַרויסקוממען דעם פֿאָלק פֿון העברייעש? וואָס קומט אַרויס יאָקי'ל דעם קרעמער, חיים ליוועראַנט, שבתיל דעם האָלצהענדלער, נתן דעם טאַבּאַטשניק, פֿין אַ העברייעשען עיט צבוע, האבות והבנים, אֶמת ואֱמונה, התועה בדרכי החיים, הדת והחיים, אַשמת שומרון, וכדומה! ממה נפֿשך, איהר שילדערט דאָס יעצטיגע טעגליכע לעבען און שטעלט אַרויס קאַרטינעס, וויא אָרענטליכע ווערען, איבער פֿאַלשעניקעס, פֿאַרשוואַרצט; וויא אָרימע לייט ווערע געשוואָלען, איבער נגידים, פֿאַר הונגער; וויא גאַנצע געמיינדען ווערען אומגליקליך איבער איינינע שטאָדט בעלי־טובות! וכדומה, נאָ ווערזשע דאַרף דאָס וויססען, און ווער דאַרף זיך אַקייגען דעם ווערען, און וועמען דאַרף דאָס ציעלען? — ניט דאָס אַלגעמיינע פֿאָלק! האַ? נאָ און דאָס פֿאָלק קען זיך ניט קיין העברייעש און דאָס ביסעל וואָס קאָן, לעזט דאָך נאָר העברייעש אַלס לאַקעטקעס ניט אום נוטצען דערפֿון צו ברייננגען!..

מיט דיא ציישונגען איז ווידער דיא מעשה; אָדער דאָס ציישונג איז, פֿיעל, צו וויינינער, פֿעראַנטוואָרטליכט אַיין אייראָפּייעש ציישונג, היינו סע ענטהאַלט אין זיך פּאָליטיק, נייאינקייטען, נייטיגע לאָקאַל־אַנגעלעגענהייטען און אַנדערע נוצליכע זאַכען — אָדער סע איז פֿאַראַנטוואָרטליך אַיין אייראָפּייעשען זשורנאַל—קריטיק; געדיכטע, סאָוורעמענע ראָמאַנען און נאָוועלען; איבער קונסט און ערפֿינדונגען; ביבלאָגראַפֿיען און כדומה. צום ערשטען סאָרט רעכנען זיך דער המגיד (האָטש יעדער האַלבער נומער המגיד פֿאַרשלעפּט מיט זיך, אַלע וואָך, נאָך אַ האַלבען בויגען מאַקלאַטור־דעם הצופֿה!...) דיא הצפֿירה. (האָטש ער שטיקט זיך

נעביך אַלע וואָך מיט איין אַנדער כעמישען שטאָף. אונ האָט נאָך צו־
לעצט שטיקליך בית המדרש פאָטשטען) דער העברי (חאָטש ער האָט
אַזא העברייעשען טעם וויא דיא שאלה וואָס פסק׳ט דיא איינגעהערען באַם
רב) וכדומה — צום אַנדערען סאָרט געער דער השחר (חאָטש ער האָט
דאָרט מעהר צוטיהן מיט זיך וויא מיט דער ליטעראַטור) וכדומה; יעצט
לאָמיר זעהען, פאַרוועהמען נוטצען אונ אויף וועהמען ווירקען אונזערע
צייטונגען אונ זשורנאַלען? — פינ׳ם פראָסטען פאָלק איז דאָך קיין רעדע
ניט! דאָס פאָלק איז פאַרפאַל׳ען אונ דאַרף אייביג פאַרבלייבען — נאָך
זייערע מיינונגען — אין זיין גיעוועזשעסטוואָ אין זיין אונוויסענהייט! —
וואָרען אַפילו דיא שרייבער אין זשאַרגאָן, האָט זיך אויך ר׳ פטר
הגדול הגבור והנורא, ענטזאַגט פון מענשענפערשטאַנד — וויל זייא
שרייבען ניט קיין העברייעש — נאָ בקצור — דיא העברייעשע לעזער
ווידער טהיילען זיך אויך אין 2 קאַטעגאָריען: דיא שפה העבריה׳ניקעס,
סע הייסט ריא פראַהלער, דיא קלוגמוטערס, וואָס ווינען אויף דער
שפה עבריה אונ ווילען זייא זעהען, אַ שיין יונג ווייבעל — אַפילו ניט קיין
בעל הבית׳טע — אונ ווידער דיא איבערגעהענדע קלאַסס — עס הייסט
דיא יונגע לייט, וואָס מאַכען דעם ערשטען פערעהאָד פינ׳ם ביהמ״ד
צו ישובה אין דער וועלט אַריין! — דיא לעזען העברייעש, מחמת
זייא קענען קיין אַנדער שפראַכע דערווייל ניט; אונ פאָדערען אָבער
פינ׳ם לעזען דאָס, וואָס דער איינאָפּייער פאָדערט פון זיין לעזען — ניט
דיא שפראַכע שפיעלט בייא זייא אַ ראָללע, נאָר דיא ידעע. — מיילא
דיא ערשטע קלאַסס בעגעניגט זיך אין דיא צייטונגען מיט זייערע גע־
יוהעשטע זשאַרגאָן ווערטער, מיט זייערע פרושים אין סקאַפקעס, מיט
זייערע אויבענגעשריבענע העתקות — אַבי העברייעש — אונ אין דעם
השחר בעגניגען זייא זיך מיט זיין חזנישען שטייגער — אַבי העברייעש,
פון אַזוינע עטליכע וועגען איז דאַכט זיך ניט כדאי קלאַפען אונ בלאָזען
וואָרען מיר רעדען זיך פון דיא נוטצען אונ ווירקונגען, וואָס אַ צייטונג
דאַרף ברענגען — ניט פון לאַקעטקעס! אונ דיא שפה עבריה׳ניקעס זו־
כען זיך ניט קיין נוטצען פאַר זיך, ניט פאַר׳ן פאָלק, נאָר נוטצען
פאַר דער העברייעשער שפראַך! (ולתועלת השפה

העבריה!!!) — [איהר האָט שוין אַ מאָהל געלעזען אין אַ אייראָפּיי-
עשער שפּראַך, אַזא מין אויסדריק, אַז אַ רעדאַקטאָר שטיפּטעט אַ ציי-
טונג, צור נוטצען דער שפּראַכע! נאָר אין העברייעשען איז
אַלסדינג רעכט...] נאָ דאַרפען מיר דען פּראָטיזשירען אַזא ציטונג,
וואָס איינגע, פּראַהלער, וועלען פון דעם אַ מאָמענטאַלנע פערגניגען
האָבען? לאָמיר זשע רעדען פון דער 2-טער קלאַססע — אַ דאָ זעהען
מיר ערשט וויא וויט איבריג דיא העברייעשע ציטונג און זשורנאַלען
זענין. — דיא ציטונג זענין איבריג, וואָרען בייא דער איבערגעהענדער
קלאַסס, עררייכען זייא ניט דעם ציעל, אַלם ציטונג, ווייל אָ ציטונג
דאַרף זיך רעדען נאָר וואָס ער מוז ניט וואָס ער ווילל: ער מוז
למשל איבערגעבען דאָס נאַייגקייט, צו דיא אינגערע אַנגעלעגנהייטען,
צו דעם געגענוואָרטיגען פּאָליטישען צושטאַנד וכדומה — אַקוראַט,
טאָטש אוב טאָטש וויא ער איז; ניט וויא דער רעדאַקטאָר ווילל
ער זאָל זיין!... נאָ און דאָס האָב'ן מיר זיך שוין דערוויזען, אַז אינם
העברייעשען קען מען באין ענין ואופן ניט איבערגיבען דאָס, וואָס מע
מוז סיידען מיט אָנלעגען וועג, מיט קאָמענטאַרען אין סקאפּקעס אָ-
דער מיט געיודעשטע זשאַרגאָן ווערטער — אַזוי וויא אונזערע רעדאַק-
טאָרען זענין זיך נוהג, כמעט אין יעדער שורה פון זייערע ציטונגס
בלאָטטער! — נאָ, היינט וואָס פאַר אַ ווירקונג קען מאַכען אויפן לעזער.
וואָס זיכט נוטצען — אַזא ציטונג, וואָס איז מעהר איינליך אויף אַ ענ-
ציקלאָפּאָדיע — וויא אויף אַ ציטונג? — וואָס דער לעזער מוז זיך צושלאָ-
גען דיא צונג אויף טויזענטער רודעס, איידער ער פאַסט ערשט דיא
דייטונג פון דיא דרייא — צו פיערערלייא לשונת'דיגע ווערטער, און דיא
ידעע בלייבט נאָך אַלם דונקעל! ? — וואָס נאָכ'ן אָפּלעזען דאָס אַרטי-
קעל קען דער לעזער דערפון ניט אַרויספיהרען קיין ריינעם, דייטליכען
רעזולטאַט; ווייל דיא לאַנג-וועגיגע — יודיש —רוססעש— העברייעשע—
פראַזען, האָבען אַזוי אויסגעמיטשעט, אויסגעמאַרחעוועט און פאַרמאַ-
טערט דאָס אַרטיקעל, אַז ס'איז חלשות געבליבען און געשטאָרבען נאָך
איידער דער לעזער האָט עס געענדיגט!... נמצא אַז העברייעשע ציי-
טונגען אוראָווליעטוואָרען געוויסס ניט דעם ערענסטען לעזער, פאָלגליך,

זענין זייא געוויסס איבריג ! — זשורנאַלען ווידער איז דאָך אויך דאָס
אייגענע — דאָ רעדט זיך דער זשורנאַליסט שוין דאָס וואָס ער ו ו י ל ל
סע היסט וואָס ער ר ע ד ט — ו ו י ל ל ער; הייסט זיך עס חזנישער
שטייגער — אונ דער ערענסטער לעזער, וואָס ווילל נוטצען אונ ווירקונג,
דאַרף אַ בעשטיממטען נסוח, בעשטיממטע טאָהנער, וואָס זאָללען
האָבען אין זיך אַ געזעטצטען מאָטיוו מיט אַ גרונדטאָהן ! — עס הייסט
דער לעזער — יעדער אין זיין פאַך ליטעראַטור־שטרעבונג — זיכט אַ
בעשטיממטען טענדענץ אונ ריכטונג אין יעדען מאמר — ניט קיין שטיי־
גער — עס הייסט — ניט פאַנטאַזיעס, ניט פּראַזאָווסטווא ! — דער לעזער
ווילל געהען אויף אַ פעסטען באָדען ניט אויף הערשעל אָסטראָפּאָליערס
אָנגעטאָפּטשעטער מקוה מיט פּאָלאָווע... דער לעזער ווילל הערען אַ
קהאָראַליש, נאַכפאָלגליכעס געזאַנג, אין וועלכען מאָטיוו עס ווילל זיך —
נאָר אַביא דער מאָטיוו זאָלל איהם זיין איננערליכע סטרונע בעריהרען
אין טאַקט אַריין, אום ער זאָל, מיט דעם נעממליכען אָפּקלאַנג, זיך קע־
נען ענטווערען אַ ענערגישען באָם — עס הייסט „לך בכוחך זה“ (געה
טאַקע אָט מיט דער קראַפּט מיט דער ענערגיע!) אונ אונזערע זשורנאַ־
ליסטען זינגען אָפּ 2 שעה שטייגער אויף „נחנו“ אין וועלכען עס וואַר־
פען זיך דורך אַללערלייא מאָטיווען, אַ וואָלעך, אַ זשאָק, אַ קלעוואַן,
אַ מאַרש, אַ ציגיינער, אַ וואַריאַט, אַ יודעש, אַ טוטערש, אונ אַ לירע
אונ — קיין בעשטיממטע מעלאָדיע איז ניטאָ — וואָרען קוים בעשטימט
הייסט זיך עס דער דרייא צום אַיִה — עס הייסט — זאָגען דאָס, וואָס מע
דאַרף אונ מע מ ו ז — אונ אויף דעם וואָס מע דאַרף אונ מע מוז, איז
העברייעש פּאָרט טויט, פּאָרט שוין כמעט אַ דריטהאַלבענטויזענט יאָ־
ריגע מומיע (וואָרען בימי בית שני האָט מען שוין כמעט אויף איהר ניט
גערעדט אָהן הילף פֿון פּרעמדע שפּראַכען — וויא, כלדיעש, סוריש,
אַרמיש וכדומה). אַיי דער השחר שרייבט זיך — דאַכט זיך — פּרייא
העברייעש, קלאָמערשט וויא אויף אָלעבענדיגער שפּראַכע ! — יאָ —
אָבער שרייבט ער דען פּרייא דאָס וואָס ער דאַרף אונ מ ו ז ? בלאָטע !
ער שרייבט פּרייא דאָס, וואָס ער ו ו י ל ל ! אונ דאָס הייסט דאָך שטיי־
גער — אונ שטייגער דאַרפען מיר זיך אויף כפרית ! — קוים שרייבען

וואָס מע וויל האָבען זיך אונזערע אַלטע מליצים און משוררים געשריבען אין 1000 גראַדען פֿרייער, ערהאַבענער און שפּראַכמאָסיגער פֿון דיא היינטיגע — גרעסטע זשורנאַליסטיקער! — מיר פֿאָדערען זיך אָבער היינט ניט קיין פּראַזאָלאָגיע, קיין ערהאַבענעס, קיין אָראַטערסטוואָ — מיר דאַרפֿען נעביך היינט ברויט — נאָר קיין לייקעכליך — מיר דאַרפֿען זיך פֿאַרנאַנדער רעדען מיט'ן פּראָסטען אָרימען פֿאָלק וועגען זיינע יעצטיגע ביטערע אומשטאָנדען; וועגען זיין סטראַדאַניע אונטער זיינע בעלי טובות, אונטער קהל'ס לייט, אונטער גיטע יודישע אינקוויזיטאָרען, אונטער יעזואיטעשע חסידים, אונטער אומברחמנות'דיגע גאונים רבנים דיגים שוחטים און אַזוי מחמירים! אונטער... אונטער... — און דאָס אַללעס מוז מען זיך מיט'ן פֿאָלק איבערעדען קורץ, שאַרף און דייטליך אויף זיין מאָטיוו אויף זיין אייביג וויינענדיגער מעלאָדיע — און דאָס קען מען פֿאָרט מיט איהם ניט טראַקטירען אין אַזאַ שפּראַך, וועלכער דיא אַללע יעצטיגע אומשטענדע זענין גאָר ניט בעקאַנט!... נמצאָ, אַז דיא זשורנאַליסטען אודאָווליעטוואָרען אויך גאָר ניט דעם ערנסטען לעזער! — היינט פֿאַרשטעה נאָר, מאָהל דיר, אַז נאָך דיא אַלע שטייגערס און געוודעשטע ווערטער, רעדען זייא גאָר איבערהויפּט ניט דאָס וואָס מע דאַרף! נעהיי וואָלט האָטש דער געוודעשט ווערטער, און דער געשטייגערט אויף אַ נייטיגען ענין אויף אַ לעבענס-פֿראַגע, וואָלט דאָך נאָך געוועהען נימערערגער — ניין! זייא זענין קעכער אין דער פֿאָלקס קיכע, און האָדעווען דעם עולם מיט טייוועלסקויט, הינרעקיזאָממען און קעבעבע: מיט רעשטליך עגונות, דרשות, מזל טוב'ן' פשט'ליך, הספד'ן, סאַמאָחוואַלסטוואָ, מחלוקות'ן צווישען זיך לשון הרע, חנופֿה, צביעות, זיהלעריייא, קריטיקעס — אָהן פֿאַקט, אָהן בעוייז, נאָר לויטער פּערזאָנליכקייט וויא פשוטע סעדיכעס, נאַריש, פֿויל אַביא געזידעלט, אַביא אַראָפּגעוואָרפֿען יענעם באַם עולם! — מע מיינט קלאָמערשט קריטיקירען יענעמס ווערק — און מע שמירט אויס דעם מחבר אַליין אין בלאָטע!... אָט וויא מיר האָבען אַנימעלט געלעזען אינ'ם ערשטען העפֿט „הבוקר אור“ וויא דער רעדאַקטאָר מיינט קריטיקירען דעם מאמר פֿון פּרץ... טפֿוא! איך מיין פֿון ר' פּטר הגדול הגבור

והנורא „עת לטעת“ דערמיט וואָס ער רוהפט דעם בעל המאמר גלות, טרפה׳ניאק, עזות מחוצף פנים וכדומה! און דעם מאמר אַליין שלאָגט ער ניט אָפּ אַפילו מיט איין רעכטען פאַקט (הגם נאָך אונזער מיינונג שטעהט דער מאמר „עת לטעת“ גאָר ניזשע קריטיק, וואָרען ער איז גאָר לויטער פראַהלערייא, לויטער ווידערשפּרעכענד לויטער חזנישער שטייגער... נאָר ניט דאָ בעשעפטיגען מיר זיך יעצט מיט קריטיקעס!) דעסגלייכען האָבען מיר ניט לאַנג געלעזען אינ׳ם המגיד אַ קריטיקע אויף דיין ישראליק׳ן פון איינעם, וואָס חתמ׳ה׳ט זיך „דער חראָניקער“— נאָ, הייבט ער אָן דיא קריטיק מיט דיא רעדאַקטערען — אַז זייא זענין וויא ביצה שנולדה ביום טוב: (מיר ווייסען אַפילו ניט, וואָס איז דען דער חלוק פון אַ־נ־איי וואָס איז אום יו״ט געבוירען צוא אום מיטוואָך שבות׳ענאַכט?... אונז דאַכט זיך, אַז דאָס יום טוב׳דיגע איי איז ניט קלענער, ניט שוואַרצער, ניט פּירעקעבדיגער און ניט זינדיגער פינ׳ם וואָ־כענדיגען! — נאָר אין העברייעש איז אַלסדינג אַ וויטץ! — אין זשאַרגאָן, פאַר אַזא בעמאַכטען וויטץ, הייסט מען מאָנדריש מיט דיא גלעקליך) און לאָזט אויס מיט דיא רעדאַקטערען — אַז זייא זענין מאַרשעליקעס, טענצער מיט אַלטע מיידען, זינגער, שפּיעלער און קבצנים — נאָ פרייגען מיר דיך אַליין ווען דוא זאָלסט שוין אַפילו זיין דאָס וואָס ער שרייבט — קער זשע זיך עם דען אָן מיט׳ן ישראליק! — פריטא נעממט דער אַלטער טפּוש, דער המגיד אויף אַזא מין אַרטיקעל, אָהן פאַקט, און דרוקט עם אָפּ מיט דיא אַלע סעדיבע לשונות און האָט גאָר קיין בושה ניט אין זיינע אוי־גען! — אַזוי זענין אַללע; דיא בלאָטטער זענין בייא זייא אַ טאָלטשאָק, וואָס יעדער ליאַדע ראַזנאָשטשיק מעג זיך דאָרט זיינע שמאַטעס אויס־הענגען און זייא נעמען איהם נאָך צוא בכבוד גדול, וואָרען זייא אַליין איז דאָך גלאַט ניחא מע זאָל אויף יענעם רעדאַקטאָר צו מחבר רעדען זידלען, און אַראָפּוואַרפען בייא דער וועלט! — ובפרט אַ זשאַרגאָניסט!...“

— איך פאַרשטעה עס טאַקע אויך ניט בנאמנות — וואָס מיינען זייא מיט זייערע קאָמעדיאַנסקי שטוקעס, וואָס זייא קרעכצען אויף דער שפה עבריה, זיפצען אויף יראת שמים, און אויף אַ זשאַרגאָנישען שרייבער טיהען זייא אַ מאַך כלאחר יד, „עט ער איז אַ מאַרשעליק! —“ וואָס קי־

מען זייא אָפּ מיט׳ן וואָרט מאַרשעליק? — וואָס פֿאַר אַ מיינונג וויללען זייא אַיינפֿליעסען דעם פֿאָלק מיט דער זוואַניע מאַרשעליק? —

— „וואָס פֿאַרשטייסטו דאָ ניט? זייא זענין דיא אייגענע אַפּע־ריסטען, דיא אייגענע מאַסקען־טרייגער וואָס גוטע יודען מיט חסידים! מיט אַ פּוילען קנייטש, מיט אַ ווילדער הויה, מיט אַ גלאָטץ מיט דיא אויגען מיט אַ מאַך כלאחר יד, וויללען זייא מבטל זיין דיא אַללע אָרענ־טליכע מענשען וואָס שטעהען זייא אין וועג. — עס איז אַ פּשוטע שפּע־קוליאַציע — וואָלטען נאָר דיא גוטע זשאַרגאָניסטען געשריבען זייערע הומאָרען אונ סאַטירעס אויף העברייעש, אין זייערע בלאָטטער — אַ דאָ וואָלטען מיר באַלד בייא זייא געהייסען: הסאַפּיר היהודי! הפּושקין העברי! ההיינע הירושלמי! וכדומה — וואָרען דעמאָלט וואָלט זיך זייער אַלמנה, דיא שפֿה עבריה, דאָך עפּיס מעהר אויפֿגעלעבט וויא פֿון זייערע פּוילע, טויטע מאמרים. — אונ קוים שרייבען מיר אָבער אונזערע ידעען אין זשאַרגאָן — הייסען מיר שוין מאַרשעליקעס, וואָרען מיר שאַדען זיך זייא צו דער פרנסה!...“

— נאָך אייער תרוץ איז מיר נאָך מעהר קשיא! — ממה נפשך טוהען זייא דאָס ווידער אוים שפּעקולאַציע, וואָס זייא האָבען מורא פֿאַר קאָנקורענציעס אין זייער פּראָפֿעסיאָן, טאָ לאָזען זייא זשע אַרויסטרע־טען וויא סוחרים. — לאָזען זייא פֿאַקטיש, לאָגיש, ווירקליך דערווייזען דיא קונים, אַז יענעמס סחורה איז בלאָטע אונ זייערע איז גאָלד!? מכי תיתי לאָזען זייא זיך בעשטרעבען, טיהען כל המיטטעל, אַז זייער גע־שעפֿט זאָל זיך אַללע מאָהל מעהר פֿערפֿאָלקאָממען, זייער סחורה זאָל אַלץ מעהר פֿאַראינטערעסירען דעם עולם, ביז יענעמס סחורה וועט שוין ממילא פֿאַרליערען איהר ווערטה מכל וכל! — אָבער ניט מיט אַ פּוילער תנועה, מיט אַ וואָרט „מאַרשעליק קענמען צוציהען קונים, האַ? —

„אָט אַ דאָ ליגט טאַקע דער הונד באַגראָבען! אָט דאָס איז טאַקע זייער מכה וואָס זייא האַנדלען ניט מיט זייער ספּעציעל געשעפֿט! — ספּעציעלע סוחרים זענין זיך טאַקע אַזוי נוהג, אונ מאַכען טאַקע גוטע געשעפֿטען — אונזערע העברייעשע רעדאַקטערען אָבער האָבען זיך גענוממען גאָר ניט צו זעהער פֿאַך בעשעפֿטיגונג. — מאָהל

דיר, אַז אַ-נ-עופֿת שוחט׳ל פֿון אַ פּרייסיש קליינשטעדטעל, נעמט זיך גאָר אָן, אַ פּאָדראַד, אַ פֿאָלקס אויפֿקלעהרער צו זיין, און נאָך פֿאַר רוססישע יודען! — אַ מאַטעהמאַטיקער א״נ אָסטראָנאָם, וואָס האָט ביז עטליכע און פֿופֿציג יאָהר זיין לעבען פֿאַרבראַכט ספּעציעל אין מזלות מיט תשבורת, מיט עבֿרונות מיט שפּאַקטיוועו און מאַשיענדליך — נעמט זיך אונטער אויף דער עלטער צו האַנדלען מיט אַ פֿאָלקס חאַראַקטי-ריסטיק! — אַ ישובֿה בחור, וואָס האָט ביז 25 יאָהר דיא ליבטיגע וועלט ניט געזעהען, קיין מינדעסטע אייראָפּייעשע זיסטע ניט געלעהרענט, קיין אייראָפּייעש בלאָטעל שמות ניט דורך געלעזן, קיין געזעלשעפֿטליכען קרוג ניט געהאַט, נאָר וואָס ער האָט אַ נ״עה געטאַכט פֿון דער ישובֿה אין אָדעסער פּת לאורחים שילכען און פֿון אָדעסאָ קיין וויען — נעמט זיך אַזוינס אונטער, א פֿאָלקס-רעפֿאָרמאַטער צו זיין! היינט דיא איב-ריגע מלמדים, שלעפּערס, מקבלים, בטלנים, און טאָרבעטראַסניקעס, וואָס זענין ניט אומשטאַנד 2 ווערטער לאָגיש צונויף לעגען, און ניט 1 כאָ-ווערמענע ידעע האָבען זייא נאָך אין זייערע שמאַטעס—פֿאַבריקען ניט אַרויסגעגיבען — נעמכען זייא זיך אונטער רעדאַקטאָרען צו זיין פֿון העברי׳ס, הלבנון׳ס, הצופֿה׳ס, היהודי׳ס, התור׳ס -- שאַ, שאַ! אָט איז זיך שוין גאָר אַרויס דיא נייע העברייעשע גאַזעטע „הקול“ פֿון אַ בערענטריי-בער, וואָס בעריהמט זיך אין זיין פּראָבע בלאַטט, אַז זיין גאַזעטע וועט האָבען דיא ריכטונג און טענדענץ פֿון אַ זאַשטשיטניק. — אָבער וויס-טו וואָס ער וויל זאַשטשישטשייען? — דוא מיינסט זיך אודאי דיא בילדונג? זיינע יודען? זיין אַרימעס פֿאָלק? זיין רעליגיע חאָטש? וכדומה — בלאָטע? אַ סך גייטיגערס פֿון דיא זאַכען! ער וויל זאַשטשי-שטשייען חסידים! — אַ יאָ איינע ערהאַבענע ריכטונג בייא יעצ-טיגער צייט! נאָ געה מאַך עפּיס מיט אַזעלכע חאַנושעס וואָס ווילען פֿאַרקויפֿען דיא נשמה דעם רוח, אַביא אַ קערבעל, און נעממען זיך צו אַזעלכע פּראָפֿעסיאָנען וואָס זייא זענין גאָר ניט געשאַפֿען דערצוא!... אָט דאָס זאָגען מיר דיר, אַז ניט נאָר דער פֿעהלער וואָס דיא העבריי-עשע שפּראַכע איז אַזוי אָרעם, אַזוי טויט, אַזוי קליין אין ווערטער און ידעען — נאָר ווען זיא זאָל אַפֿילו זיין אַ לעבעדיגע שפּראַכע, קען זיא

אויך דורך אַזוינע מלמדים — פובליציסטען קיין שום ווירקונג ניט מאַכען אויפ'ן פּאָלק, און שאַדען מעהר וויא פיעל זייא פאַררעכטען!... זעהסטו, מיר האָבען געהאַט ווירקליך אַ נוטצליכע העברייעשע גאַזעטע, פון וועלכער, דער רעדאַקטאָר איז ווירקליך געוועהען אַ סאָווערעמענע פובליציסט, אַ פראַקטישער מאַנן, אַ געזעלשעפטליכער אין אַללע יודישע אנגעלעגענהייטען. — מיר מיינען דעם המליץ — ער האָט אַ סך געווירקט, ער האָט פאַסט דעם ריכטיגען צוועק עררייכט, ער האָט כמעט דורכאויס דיא וואַהרהייט גערעדט. — אין דער גאַזעטע האָבען מיר, זשאַרגאָניסטען, אויך געשריבען אַ סך, און דיא האָסט דאָך אויך געשריבען גענוג, וואָרען דאָרט האָבען מיר געהאַט דאַס בעסטע פלאַטץ אויסצורעדען אונזערע פאַרביטערטע שווערע הערצער, אונזערע ברענעדיגע געפיהלען און מיטליידען צום אָרימען פאָלק — דער המליץ איז געוועהען אַ פאָלקס ביבליאָטעק — ניט קיין טאָלטשאָק — נאָר בעוה"ר האָבען מיר איהם פאַרזינדיגט, און שוחטים מלמדים און בטלנים זענען אונזערע פובליציסטען געוואָרען! — וואָס לא די זייא ווייסען ניט זיך, זייא זענען ניט בעקענט מיט'ן פאָלק, און ווייסען ניט וואָסערע רעצעפטען אונזער קראַנק פאָלק פאָדערט — פאַרמאַסקירען זייא זיך נאָך אין יראת־שמים פנים'ליך אַקייגען דעם פאָלק, און שרייבען געגען זייערע אייגענע אינערליכע — האָטש זעהער טינקעלע — איבערצייגונגען!... אַלליין זענען זייא פרייא, כמעט אַפיקורסים אין דיא ידעען, און ווילען נאַרען איגביטען העלען טאָג מיט יראת שמים, מיט מוסר מיט קרעכצען אויף יודעשקייט ובדומה!...

לכן ברידער, האָבען מיר גאָר ניט צוקוקען אויף דיא יעזואיטען־רעדאַקטערען און אויף דיא איינעגע פראַהלערישע שפה עבריה'ניקעם מיר דאַרפען דייסטוועווען נאָך אונזערע אינגערליכע געוויססען! נאָך אונזער מענשליכע פערפפליכטונג! מיר דאַרפען ניט קוקען אויף קיינע אינדערגיסע אין דער וועלט, נאָר נאָכפאָלגען אונזער הייליגען צוועק! היינו: נאָר אויפ'ן פראָסטען וואָכעדיגען געשמאַקען זשאַרגאָן זיך אויסרעדען מיט אונזערע פראָסטע דערשלאָגענע ברידערליך! מיט אונזערע בידנע בעלי מלאכות, כאַרק מענשען, טרעגער, האָרפאַשניקעס, וואָס

פֿאַרברענגען נעביך, זייער וויסט פֿינצטער לעבען, אין דאַרעניש און קוואַרעניש מיט אַ פֿערשימעלטער שישקע מיט קנאָבעל, ווייל זייערע בעלי טובות דאַרפֿען שאַמפּאַניער, עקיפּאַזשען,ביידער און מאַסקאַ־ראַדען! — לאָמיר זייא, אויף זייער פּראָסט וואַרם יודיש, ערקלעהרען, אַז זייא זענין אויך אויסגעפֿאָרמעוועט פֿון דעם אייגענעם בליט און פֿלייש, וואָס דיא גבירים; אַז זייא זענין ניט קיין אומזיסטיגע אַרבייט־פֿערד; אַז זייערע הערצער זענין אויך ניט פֿון טשוגון, זייער מוחות אויך ניט פֿון דרילליעס און זייערע נערוועז אויך ניט פֿון דראַטוועס — נאָר דאָס האָבען זייא, זייערע גבירים, בעלי טובות, גיטע יודען, שטאָדט יחסנים אַזוי אַנגערעדט, אַז זייער האַרץ שלאָגט ניט, אַז זייער בלוט קאָכט ניט, אַז זייערע געהירען דיינקען ניט און האָבען אַזוי ביסלעכווייט אַוועקגע־רויבט זייער גאַנץ מענשהייט בייא זייא — און דיא אומגליקליכע האָבען זיך אַזוי געלאָזט פֿאַרשלייפֿען, און האָבען זיך טאַקע אַזוי אַנגערעדט, אַז זייא זענין טאַקע באֱמת עפּיס גאָר פֿון אַ־נ־אַנדער סאָרט, פֿון אַ־נ־אַנדער מאַטעריע, און סע איז טאַקע פֿאַר זייא אונמעגליך זיך אַליין צו רוקאָ־וואָדסטוועז מיט זייער אייגענעם פֿאַרשטאַנד, אָהן אַ אייבערהאַר, אַ בעל טובה׳ניק, אַ פֿאַרזאָרגער, אַ מוכר־זאָגער, אַ תקנות־מאַכער וכדומה. לאָמיר זייא עפֿענען דיא פֿאַרשלאָפֿענע אויגען און ווייזען זייא, אַז דאָס גאַנצע גראָבקייט און פּשטיות האָבען זייא זייערע בעלי טובות אַנגע־רעדט! — דאָס נוטצט זייא צו זייערע אַפֿערעס, צו זייער אונמענשליכ־קייט; זייא דאַרפֿען, אַז דאָס פּראָסטע פֿאָלק זאָל פֿון גאָר ניט וויסען, אין גאָר ניט דענקען, ווענען גאָר ניט קלעהרען, נאָר מיט פֿאַרמאַכטע אויגען זיך פֿאַרלאָזען אויף זייערע טובות! — „איהר זענט גראָב — זאָגען זייא — איהר זענט פּראָסט איהר זענט אַרעם. — דאַרפֿט איהר ניט און טורט ניט האָבען אַייער אייגענעם שכל ובפֿרט נאָך אַ דעה זאָגען, אַוודאַי ניט! — (השחר שנה ה׳ צד 401) — אָ ברידער! לאָמיר נאָכ־פֿאָלגען אונזער צוועק; פֿאָקאַ דער גראָסטער עולם ווייסט נאָך ניט קיין אייראָפּייעשע שפּראַך, לאָמיר איהם ראַטעווען מיט זיין שפּראַך! לאָמיר איהם דייטליך אויספֿיהרליך ערקלעהרען, אַז זיינע פֿאַרשטעהער זיינע פֿאַרזאָרגער קויפֿען בייא איהם אָפּ דיא וועלט אַ מציאה וויא פֿון

אַ גנב ! — און רעדען איהם אַן, דערפֿאַר וועללען זייא איהם מזכה זיין מיט יענער וועלט — דיא גוטע יודען צאַפּען איהם אוים זיין לעצט ביסעל מאַרך, און רעדען איהם אַן, אַז זייא זענין מתקן זיין נשמה לעתיד לבוא! — ארץ ישראל יודען שאַחרייען בייא איהם אוים דעם לעצטען בליטיג-פֿער-האָרעוועטען פּיאַטאַק, און רעדען איהם אַן, אַז זייא וועלען מכח איהם איבעררעדען מיט ר׳ מאיר בעל נס, ער זאָל איהם אַ טובה טיהן דאָרט! רבנים, מגידים, אייניקליך, בטלנים, צבועק׳ים, כלי קודש און אַזוי שייַנע יודען, מעלקין בייא איהם אוים זיין לעצט ביסעל מאַמעס מילך, און גיבען איהם דערפֿאַר חומרות, תקנות, גזרות, גהנים — און גן עדן — קאַרטען, שמירה׳ליך, מים שלנו׳ם, סוכה-שעערען, נשמה-לעכט, יקנה׳ז חרוסת, פסוקים אתה הראת, סליחות-שטאָטשיקעס, חנוכה שמשים, אַ לעק כוס של ברכה, אַ שמעק הבדלה-שנויץ וכדומה... שטאָדט בעלי טובות, בעל טאַקסעס, יאַבעדניקעס, זאַקאָניקעס, שיהל גבאים, חברה קדושות, משגיחים, קהלישע שרייבערס, שטאָט-עזות-פנים׳ד, גלאַט קהל׳ס לייט פֿאַרקויפֿען איהם אויפֿ׳ן לויט, עססען איהם אויף און ברעכען איהם אוים — און פֿאַר זיין גאַנצער בלוטיגער האָרעוואַניע אינ׳ם לעבען — בעקוממט ער אַ-נ-אָמת כשר אויסגעטרייבערטע פֿליאַקע אויף שבת! אַ-נ-אָמת כשרן — קנאָבען-ביין, אָהן אַ שום סרכא פֿלייש — אויף פסח! — אַ הגבה וגלילה מאָנטאָג צו קריאת התורה, אַ נאַכטליגער בייא אַ מת, אַ-נ-עצה טובה ער זאָל ווערען אַ מקבל — אַ רעצעפּט פֿון דער בקור-חולים אַפּטעהק, שוין נאָכן טויט. — אַ צדקה-תציל-ממות-פּישקע — מיט אַ שלעסעל; אַ-נ-אַטיסטאַט אויף מצבות שלאָגען, אַ כבוד מע וועט איהם לעגען אונטער ר׳ יעקלעס מייערעל, וכדומה. — דאָס אַללעס לאָמיר איהם ערקלעהרען! — לאָמיר איהם רעדעוודיג מאַכען, ער זאָל אויך אָנהויבען פּראָטענדירען אויף מענש! — לאָז ער אָנהויבען פּראָטעסטירען אַקייגען זיינע בליטצאַפּערס, לאָז בייא איהם וואָכעדיגער ווערען דעם רבין׳ס גלאַנץ מיט דיא אויגען; דעם דיין׳ס קנייטש מיט׳ן פֿינגער אויף להחמיר; דעם שוחט׳ס קוועטש אויף דער סרכא-להטריף; דעם גבאי׳ס ברייטען געשרייא „תרבות!“ — דעם משכיל׳ס פֿעראַכטעטע טאָהן „יונגאַטשעס!“ דעם פֿייערדיגען הסיד׳ס געבבע „אַפּיקורסים!“..

לאָז ער אויפהערען אויף זיך מצדיק הדין זיין, זיינע צרות און יסורים
מקבל באהבה זיין — און אויף זיינע משגיחים ניט לאָזען קיין פולל פאַ=
לען: קוועלען פינם רבי׳נס תואר פני המלך — סע הייסט — פון זיין גלאַ=
טען פעטען ווייסען קאַרק און פאַרשוואָלען פנים. — פינ׳ם שוחט׳ס ביי=
כעל, פינם רב׳ס זקנה, פינם גביר׳ס וואוילטייג פון... פון... פון... אַללע
זיינע בליטצאַפּערס תענוגים! — לאָמיר עס איהם צופערשטעהען גיבען
אין זיין פראָסטען זשאַרגאָן, מיט אַללע זיינע אויסדרוקקען, ביז מיר וועלען
איהם מאַכען פאַר אַ מענשען ער זאָל דער נאָך טויגען פאַר איין אײראָ=
פייער בכלל און פאַר אַ רוססישען בירגער בפרט! נישט קשה, לאָז אונז
ניט האַרען, וואָס איניגע פראַהלער פאַרמיסען דעם זשאַרגאָן, און מאַ=
כען איהם פאַר אַ בושה ביים פאָלק, אַז נאָר ווייבערשע תחנות שרייבט
מען אין איהם — בלאָטע מיר וועללען דעם זשאַרגאָן אי״ה מאַכען פאַר
אַ ליטעראַטור וויל נאָר אינ׳ם זשאַרגאָן קענין זיך אָפּשפּיעגלען דער
גייסט און דיא חאַראַקטיריסטיק פינם אומגליקליכען יודישען פאָלק—און
אין דיא ביכער וויא דעם פאָלקס חאַראַקטער שפּיגעלט זיך אָפּ — דאָס
איז דיא וואַהרע ליטעראַטור — לאָמיר אַרבייטען לטובת הכלל און מיט
דער צייט וועט דיא רעגיערונג אויך געוויסס אַנערקענען, דיא קלאָס=
אַלע נוטצען און פאָרטשריטען צו וועלבע דער זשאַרגאָן קען פיהרען דעם
יודען אין דער אַללגעמיינער אייראָפּייעשער בילדונג און ציוויליזאַציע—
און וועט אונז זיכער פּראָטיזשירען מיט אַללע מעגליכקייטען; פאָלקס בי=
כער און צייטונגס בלעטטער אונטערן פראָסטען פאָלק צו פערברייטע=
רען! — איבער הויפּט אונזער חברת מפיצי ההשכלה אין פעטערסבורג
וועללען געוויסס מיט דער צייט אַרויסזעהען, אַז נאָר דער זשאַרגאָן איז
דיא איינציגע בריק, דיא איינציגע סהאָדניע דורך וועלכער דאָס פּראָס=
טע פאָלק קען אין לייכטעסטען מאַכען דעם איבערגאַנג פינם חדר אי
דער וועלט=שולע; פינ׳ם קלייזעל אינ׳ם טעמפּעל דער מענשהייט; פינ׳ם
פערשלאָססענהייט אינ׳ם אחדות=הכלל און פינ׳ם גייסטליכען יודענטהום
צום פּראַקטישען לעבען און בירגערשאַפט! — יאָ! מיר פאַרהאָפען, אַז
דיא בעזקאָריסטנע חברה, וועט עס מיט טריומפף אַנערקענען. — זיא
זעהט עס אפילו שוין יעצט אויך אַרויס — זיא זעהט, וויפיעל נוטצליכע

צוועקמאָסיגע זשאַרגאָן-ביכער זענין שוין אַרוים אין דיא לעצטע 10 יאָהר, און דער נאַראָד האָט זייא אַנגעשלונגען מילליאָנען ווייס און האָט זיך מיט זייא גאָר דערקוויקט איטליכם אָבר! זיא ווייסט דיא נוטצען וואָס דער קול מבשר האָט געבראַכט דעם פויליש רוססישען יודען! — זיא ווייסט דאָס אַללעס — נאָר דיא אייניגע העברייעשע פראַהלער, האָבען אַלץ פאַרטינקעלט דאָס לעכט, וואָס דער זשאַרגאָן האָט אָנגעצונדען אינ'ם יודישען הייזעל און האָבען בודטאָ געגיבען צופערשטעהען, אַז זשאַרגאָן ווערט איבערלאָזען דעם יודען אין זיין פערשלאָססענעם צו-שטאַנד, ער זאָל אייביג קיין לאַנדעס שפראַכען ניט וועללען. — שקר! עגאיזם! — דער פאַקט ליגט פאַר דיא אויגען; ווער עס לייגענט אָפּ אין דעם, אַז זשאַרגאָן פיהרט נאָר דעם יודען צו אייראָפּייעשער בילדונג— דער איז אַ פאַלשער, אַ עגאיסט! — זשאַרגאָן איז אַ סך נייענטער צו רוססיש וויא העברייעש! — נאָר דיא צייט וועט ווייזען דעם אָמת! און דיא אַללגעמיינע מיינונג וועט געוויסס בלייבען אין אונזער פאָללזע. — וואָרען מיר מיינען ניט זיך — מיר מיינען נאָר לטובת בת עמנו! אָמן!...

## דיא לייפּצגער בויד *)

ליעבע לעזער! איך האָט זיך מן הסתם געמאַכט אַ מאָהל אין אייער לייבען (און אָפּשר 3 מאָהל) איהר זאָלט גראַדע שטעהען דער בייא, בשעת אַ פוילישער בעל עגלה מיט אַ לייפּצגער בויד פליעג אָנקומען פון בערדיטשעוו, ציא פון אָצעקלאָץ, ציא אַזוי פון אַלדע שוואַרצע יאָהר קיין אָדעסס מיט פאַרשוינען! — האָט איהר גיט בעמערקט וואָס אין דער בויד טהוט זיך? וויא אויבענאָהן זיצט עפּים וויא אַ מין פּאָאר פאָלק,

---

*) דאָס אַרטיקעל וואַר שוין אין קו"מ, נאָר אַ סך האָבען מיך געבע-טען איך זאָל עס נאָך אַ מאָהל דרוקקען און איהר ווייסט דאָך אַז איך האָב זעהער אַ וועיך האַרץ און דיא לעזער — זעהער שווערע פּאָס-טעוווקעס (זייא ווילען אַלסדינג — און ווייסען ניט וואָס זייא ווילען) לכן קען איך זייא ניט פאַרזאָגען אַזא קלייניקייט! —

אפילו ניט זעהער קיין נלאבע פארטיע; ניט אין יוחס, ניט אין דיא יאהרען אפילו ניט אין גלויבען; זיא איז איין אלטע טאטערקע פון עטליבע אונ פופציג יאהר, אונ ער איז גאר א קליינשטאטעל'דיגער מצה־שמורה'ניק, נאך גאר מיט א קליין, שיטער צאפען בארדעלע — נאר דאס מאכט ניט אויס, ווארען ער האט א שפיגעל פאר זיך; אנטקעגען איהם טאקע זיטצען א פליעטשיסטע חזיר שלעגער מיט א פוילישער באבע — א וווייבעלע נאך גאר בלוט אונ מילך, דוקא דעם סטראזשיווקער מגיד'ס א־נ־איניקעל. (איך מיין דעם אלטען מגיד'ס). — דער מצה שמורה'ניק וואלט זיך אפילו גיכער באקאנט מיט דער באבע, נאר וואס העלפט עס אבער, אז אינמיטען דיא 2 פאארליך זיטצען גאר א ליטווישער בעל דרשה'ר פאפערעק, אקעגען א גראבע מאמע אונ אינמיטען זייא ליגט א געראניטער באשובוזוק, אהן א קלעפקע בא דער נאז... פון פערטען ראד שרייעט אפילו יא עפיס א־נ־הארבאטע יאנעווער דין'דעל אויף דיא רציחות; נאר אינמיטען דערהינען דערלאנגט איהם דער לאפעטניק אום־געערען א ריק מיט'ן פיעדעל אין קלוב אריין, אז ער פארגעסט שוין גאר אין זייא גיזונד, אונ פערלאזט זיך שוין אויפ'ן גמרא מלמד, וואס זיצט אונטער איהם — נאר דער מלמד איז נעבוך פערטיפט אין זיין זאך; עפיס א־נ־אטקופנאי אקציזניק מיט א פאפירענע ימאנישקע שלעפט פער־שימעלטע קאלבאסין פון זיין הויללעבעריגען רייזעטאש אונ רייצט זיך מיט'ן מלמד, וואס ער טוהט אלע מאהל א ביס קאלבאס אונ א טארע זיין געליעבטע וואס זיצט שוין ניט ווייט פינ'ם בע"ג אונ מאכט היינדליך פאר'ן קאטארינשטשיק... היינט געפינען זיך דארט עפיס א מ...ד פון א קליין דערפעל, איין עגונה פון א דערטרייננקטעם מאהן, איין ארץ ישראל יוד מיט א פאלשען פנקס אונ ירושלים הייעליך, א טאטער מיט גיילע בריוולעך, א מחבר מיט לוחות, אונ א קליין דינינג ראזמעסטריוו־קער חסיד'ל מיט א בלינד יונגעל פינ'ם ערשטען וויבּ פאהרט צום דאקטער דרייא!...

מיילא וואס זאל איך אייך דא א סך ברייען? — איהר האט זיך עס אליין געזעהן. — נאר וואס דען? אזוי וויא היינט בעוה"ר איז נתרבה געווארען דיא אייזענבאהנען, אונ מיר קענען שוין מעהר דיא זכיה ניט

האבען צוא זעהען אזוי גיעך אזא מין שטיק בויד; טא קומט זשע זייט מוחל מיט מיר, וועל איך אייך ווייזען אזא מין געהייא, דוקא גאר אהן א בויד און רעדער אהן פערד און וואגען, נאר גראדע אינמיטען א שטאדט אין שיינע דירות אין אייראפעשע קליידער, און גארט ניט בעסער, וויא א נאטירליכע לייפציגער בויד! אויב איהר פערלאנגט וויסען וויא דאס איז? טא נעמט פאסט, און פאהרט, זייט מוחל, גלייך מיט'ן גרויסען פאטשטאווע טראקט פון אדעססא קיין ראסטאוו וועט איהר אויפ'ן וועג בעגעגענען דיא לייפסקער בויד, אדער דאס שטאדטעל וואס איך מיין! — נאך א סמן וועל איך אייך זאגען; ביים ארייננפאהרען וואהנט א געלער שניידער אין א רויט הויז און ביים ארויספאהרען וואהנט א רויטער שניידער אין א געל הויז, און סאמע אינמיטען מארק, וואהנט איין אלטער פארבער, אדער דער בע"ג פון דער בויד... נאר אז איך זאג א פארבער, קענט איהר זיך מיינען פשוט, וואס פארבט קליידער. - ניין חלילה! ער איז איין אלטער אפטעהקער, וואס האט אלערלייא פארבען צוא פארקויפען און מיט זייא דיא אויגען פארבלענדזען! אויף לשון קודש הייסט עס פשוט "א צבועק" בא איהם אין זיין אפטעהק קריעגט מען אללע מיטטעל צום פארפארבען זיך, א שטייגער: א וויים יארמעלקעלע פינ'ם אלטען ז"ל, א באנקעלע פיקסאטואר צום שווארצען דיא גרויע האר, א מיטערפערלין מוהל-מעסערעל, א צווייגעלע צום צופען דיא בארד, א שבחי בעש"ט און א פאל-דע-קאק, א גוטע יודעשע תורה און א דאנאס אויף ארץ ישראל געלד, א פאאר געלאקירטע שטיבעלעטען אין א בערשעדער טלית קטן, א סלאווימער זהר אין א פרעס פאפיער מיט א דעקולטירטע נקבה, א וויזיט קארטעטשקע פון א סקארבאווע דאממע און א קבלה אויף רכבנ"ס פישקע געלט און נאך אזוינע טויזענטער זאכען, וואס פון זייא מיטט ער אוים א פארב און שמירט דיא בויד און פהירט דיא פארשוינען!.. — אז איהר וועט ארייננפאהרען אין דעם שטאדטעל, זאלט איהר זיך ניט דערוויגען דארט צוא עסען פלייש, ווארען דער שוחט איז א קל שבקלים (אזוי שרייעט דער בע"ג) ער קענן רעדען דייטש, ער שרייבט פאטענטען, ער צוואגט זיך אללע טאג, אין ציא צייטען קוקט ער אין א לאנדאנער תנ"ך'ל... טאמער קומט אייך דארט אוים בריעף

אויפלעגען, צוא אַ דעפּעשע שיקען — זאָלל אַייך גאָטט היטען — דער פאַרבער ווערט באַלד וויסען, וואָס איהר שרייבט אונ וואָס איהר טעלעגראַפירט, נאָך איידער איהר ווערט זיך גאָר אומקוקען, ער האָט זיין אייגענס צוויא בנים, איינער אַ קאָרע אין איינער אַ גניאָדע, דאָס איז זיין איינציגע פּאָאר פערד, וואָס מיט זייא פהירט ער דיא בויד, אונ אַז זייא צובריקעווען זיך זענין אומגליקליך דיא פאַרשווינען! ... היינט קענן זיך אַייך — גאָר אינמיטען דערהינען פאַרגליסטען צוא געהען דאָרט דיא תלמוד תורה בעזוכען, ציא דאָס בקור חולים, ציא דיא שוללע, צו דעם פּאַנסיאָן אין כדומה פון אַזעלכע אַנשטאַהלטען, זאָג איך אַייך אָהן, וויא גאָטט איז אַייך ליעב, איהר זאָלט זיך היטען! וואָרען איהר קענט מאַכען זיבענאונזיבציג הקפות אַרום אין אַרויס דעם שטאָדטעל אין ווערט גאָר ניט געפינען! — אפשר זשע מיינט איהר, אַז דאָס איז דאָרט ניטאָ? ! ניין, חלילה! עס איז דוקא דאָ, אי אַ סך אָרימע קינדער, אי אַ סך קראַנקע אונ קאַליקעס, אי אַ סך פעהיגע קינדער! נאָר וואָס דען? עס איז קיין ת״ת ניטאָ! קיין ב״ח ניטאָ! קיין שוללע ניטאָ! קיין פּאַנסיאָן ניטאָ! גאָר ניטאָ!!! אָט דאָס איז דער אומגליק — נאָר איהר ווילט זיך אָבער פאָרט אַ קיק טאָהן אויף דער לייפּצגער בויד מיט אַ וואַהרען קריטישען בליק — טאָ קומט זשע מיט מיר אין שוהל אַריין, דאָרט ווערט איהר שוין געוואָרווערען, וואָס איהר ווילט, צו וואָס איהר ווילט ניט!... אַז איהר ווערט נאָך שטעהן אַ 10 סאַזשען ווייט פון דער שיהל, ווערט איהר שוין דערהאָרען דאָס סקרופּען פון דיא ריידער; איך מיין דאָס שעלטערייא אונ זידלערייא פון דיא פאַרשווינען! אַביסעל נעהענטער ווערט איהר שוין טאַקע האָרען דאָס טראַסקען מיט דער בייטש, איך מיין וויא עס פליהען הייסע פייערדיגע פעטש; אונ אַז איהר ווערט שוין גאָר קוממען אין שוהל אַריין, ווערט איהר פשוט זעהען וויא איינער דעם אַנדערען שטעכט! — איהר ווערט אַוודאי מיינען, ער שטעכט איהם מיט רייד. ניין בנאמנות! פשוט מיט אַ מעסער! — ווערט איהר זיך מיינען, מיט אַ מעסער אין פעלץ אַריין. — ניין ברידער! בייא גאָטט! מיט אַ מעססער אין הארצען אַריי.!... אפשר מיינט איהר איך זאָג אַייך דאָ עפּיס אַ סוד. ניין אָסור, פערקערט מיט דער מעשה פינ׳ם שטעכען אין שיהל איז שוין

אַ יאָהר 13 אונ נאָך עד היום דערציילען זייא עם איבער מיט אַ שמחה.
נאָך היינט געהען פֿאָר אין שיעל מינים געשלאָגען, וואָס צי געהט ניט
פֿיעל אָפּ צום שטעכען! — אַ נאָ, פּריווט זשע זיך צוקוקען צו דיא בעלי
מחלוקת — וועט איהר דערקענען דיא גאַנצע לייפּציגער בויד טאָטש אוב
טאָטש; — נאָר צום ערשטען זאָלט איהר זיך גיט צו קוקען צום בע"ג
פֿון דער בויד, איך מיין צום פֿאַרבער; ער שטעהט אויבענאָהן אונטער'ן
עמוד, מיט אַ ברייטער זילבערנער עטרה, מיט אַ סאַמעטען קיילעכדיג
יאַרמעלקע מיט שפּאַניער, מיט אַ זיידענער פֿאַטשיילע אין דער האַנד,
שאָקעלט זיך באָקאָם אונ גלאַנצט מיט דיא אויגען — ער זאָגט זיך אַ
שטעך וואָרטעל, ער זינגט זיך אַ חבד'סקע תנועה'לע, ער טוהט זיך אַ
חיינעוודיג שמעכעלע, אַ קאַוואַרנע ווינק, אַ לוקאַווע לאַך, אַ שלעפּ, אַ צופּ
אונ אינמיטען דערהינען שטעלט ער גאָר אַרויס דיא צונג!... ער מאַכט
אָן דאָס מחלוקת אונ שרייט שלום. — ער מאַכט שלום אונ מיינט פּאַ-
טשען. — ער צונעמט דיא פּאַטשערס אונ מיינט שטעכען. — ער איז
שטאָלץ וויא אַ פֿערד אונ לאָזט זיך אַראָב זיבען נידריגע חטאים אין דער
בלאָטע.. . ער נעמט זיך אָן פֿאַר'ן שוחט אונ מיינט דיא שוחטקע. ער
טוהט אַ טובה אונ מיינט איבער שניידען דעם האַלז. ער קומט פֿון ערגעץ...
אונ זעצט זיך צום זהר. — ער פֿאַרקנייטשט דעם זהר אונ מאַכט אַ פֿרע-
פּראַנס.- — ער לאָזט דיא פּולקע אינמיטען אונ נעמט אָן אַ סנדק אונ בשעת
מעשה מיינט ער עפּיס אַנדערש! אַ כלל איך שווער אייך באַ מיין לע-
בען, אַז זינט דיא נאַטור גיעט אַרויס איהרע בעזאָנדערניסע, האָט זיא נאָך
אַזאַ-נ-אויסוואָרף ניט אַרויסגעגיבען! אָט דאָס איז דער בע"ג, היינט קוקט
אייך צי צי דיא פּאַרשוינען, ווערט איהר זעהען אַ מצה שמירה'ניק מיטאַ
טאָטערקע, אַ בעל דרשה'ר מיט אַ גראָבע מאַמע, אַ חזיר שלאָגער מיט
אַ באָבע אין אַ מ...ד מיט אַ דיענסט מויד... דאָס מחלוקת איז איבער
אַ שוחט; דער חזיר שלאָגער וויל ניט דעם שוחט „מע טור"—זאָגט ער—
„פֿון זיין שחיטה ניט עסען" אונ טאַקע אין שיהל מאַכט ער דאָס אייגע-
נע וואָס דער פּיאַניצע אין שיינק... אַזוי ווערט אַ זידלערייא, אַ פּאַטשע-
רייאַ, אונ מע לויפֿט זיך מסרין, ווען מיינט איהר טיהט זיך דאָס? באַמונה
שלי, אַז אום עריו"כ! אונ אַזוי געהט מען צו כל נדרי. — איבער דיא

מחלוקתן זענין זייא אַזוי פֿאַרטראָגען אַז זייא פֿאַרגעסען אַזש וועקסענע לעכט אָנגרייטען ; מע קען זיך דאָך אָבער אָהן דעם ניט בעגעהען— (טוויזענט חרפות מיט שטעכען אין שיהל. — אונ אַ וועקסען לעכט מוז זיין!...) ברייגגען זייא שוין דיא לעכט צוטראָגען נאָך כל נדרי אין דער רב זאָגט נישט קשה! — מיט איינעם וואָרט, זינר קנאה שנאה אונ קהלישע מחלוקתן עקסיסטירען האָבען זייא נאָך אַזאַ פֿעט ווינקעל, אַזאַ געבענטשט אָרט פֿאַר זיך ניט געהאַט וויא דאָס שטעדטעל! — עס געפֿינען זיך דאָרט יאָ אַ 3-2 געבילדעטע, ציוויליזירטע מאַננער, נאָר איבער דעם בע"ג האָבען זייא זיך גאָר מורא אַריין מישען אין געמיינדע אַנגעלעהגענהייטען, זייא זאָללען חלילה ניט קוממען צושאַנד אונ שפּאָט!.. —

טאָמער האָט זיך שוין דאָס שטעדטעל פֿון דעמאָלט אָן געבעססערט בין איך בנאמנות זעהער צופֿריעדען אונ סע אַהרט מיך ניט, אַז איך וועלל אויף ווייטער בלייבען אַ ליגנער! —

## איבער גאַליציער יודען.

וואָס האָט דער אומגליקליכער פריץ, מיט זיין קאַצענעם מוח געטוהן איידער דיא פֿויגעלדיגע קעפּ זענין קיין פוילין געקומען?— וויא אַזוי האָט ער נעביך זיינע געשעפֿטען געפֿיהרט אונ וויא אַזוי האָבען זייא נאָך אַזעלכע קאָלאָסאַל אימעניעס אונ קאַפּיטאַלען געמאַכט? (וועלכע, טאַקע נאָר דורך אונזערע פֿויגעלדיגע קעפּ האָבען זייא עס, גאָר אָהן לייטענס גאָב, פֿערלוירען!...) נמצא, אַז דער תרוץ איז הפנים אויך אַ פֿוילער תרוץ! אַז דער פּאָליאַק האָט זיך הפנים אָהן דעם יודען אויך געקענט באַגעהן, אונ כל זמן ער איז זיך טאַקע בעגאַנגען אָהן איהם, איז ער טאַקע געוועהן רייך וויא קרח אונ האָט פֿון קיין דאַגות ניט געוויסט, אונ קוים האָט ער מיטן יודען אָנגעהייבען זיינע געשעפֿטען צוטרייבען, (איך בייט אַייך, ליעבע לעזער רחמים, איהר זאָלט מיך חלילה ניט האַלטען פֿאַר קיין שונא ישראל אונ פֿאַר אַ אוהב פּאָליאַקען! ביא מיין לעבען שווער איך אַייך, אַז אַ יודיש מינדסט נאָגעל איז ביא מיר טייערער פֿון זיך אינגאַנצען, נאָר דעם אֶמת מוזט איהר אויסהערע אונטער 4 אויגען אונ ניט ברוגז זיין! אַיין מאָהל ווייסט איהר וויא וויים

דער קריינקליכער אֶמת האָט אונז געקוילעט אויף אייביג ? — צווייטענס, שטעהט איהר שוין היינט אַ סך העכער פֿינ׳ם דעמעלדיגען פֿאַקטערשען צושטאַנד — פֿאָלגליך, אַז סע האָט אַייך ניט וואָס צופֿערדריעסען, עס האָט אונז נאָר באַנק צוטיהן, פֿאַר וואָס האָבען אונזערע עלטערען ניט אַרויסגעזעהען דיא צוקונפֿט, אַז מיט אַזא שלעכטען גאַנג קוילען זייא אונז אויף דור דורות ! — נאָ, דאַרפֿען מיר זיך דאָך אַוודאַי אונטער 4 אויגען אויסרעדען דעם אֶמת, אום מיר אַלליין זאָלען זיך אויך אַרימקוקען אונ אויסבעסערען דאָס וואָס מיר האָבען נאָך אויסצובעסערען— בכדי טאָמער, וועללען מיר חאָטש אונזערע איראייניקליך קענין אָפּראַטעווען פֿון דעם וואָס מיר סטראַדייען ! ...) אַזוי, קוים האָט דער פריץ אָנגעהויבען מיט׳ן יודען זיינע געשעפֿטען צוטרייבען, זעהען מיר אַרויס, ליידער, אַז ס׳איז פֿון איהם געוואָרען, אַ תל עולם, אונ ער וועט שוין אייביג קיין תקומה ניט האָבען !... יאָ יאָ ברידערליך, דיא חברה קדושה פֿון אַללע אַלטע פריצים זענין אונזערע עלטערען געוועהען ! אונ האָבען זייא אַפֿילו אויף קיין תכריכים ניט געלאָזט. — דיא גבאים פֿון דער וויסטער חברה, איך מיין דיא ליעבהאַרציגע גוטע יודלעך, האָבען גענוממען גראָבע שטיקליך קבורה־געלט בייא דיא מתעסקים... אונ האָבען מבטיח געוועהן — עס הייסט — טאַקע בדבור ובמעשה האָבען זייא צוגעהאָלעפֿען דעם לעבידיגען בר־מינן (עני חשוב כמת) גיכער צו קבר ישראל ברענגען... אחרי כל אלה, איז דאָך מיין קשיא נאָך שטאַרקער, וואָס איז דאָס פֿאַר אַיין אַרט שנאה, אַז מע זאָל פֿיינד האָבען אַ מענשען אונ איהם טוהן אַלדעס גוטץ אונ אַלדעס בייז אין איינער אונ דער זעלבער צייט ? — לכן ברידערליך מוז מען זאָגען, אַז דיא שנאה איז ניט קיין שנאת חנם פֿון דער התחלה אָן, נאָר וואָס דען? דאָס איז אַ שנאה פֿון אַ בעזאָנדערער אורזאַכע. אַזא אורזאַכע וועלכע זיא האָט געבראַכט דעם פּאָליאַק, אַז ער זאָל אונז פֿון ליעב פֿיינד בעקוממען ! — בעת אונזער עמיגראַציע פֿון שפּאַניען קיין פוילען האָבען דיא פּאָללען דעם ערשטען אונ גרעסטען חסד אַקייגען אונז געטוהן, אונז געעפֿענט זייער לאַנד, אויסגעשטרעקט זייערע אַרם, פֿאַרטרויעט זייערע פֿערמעגען אונ געלעבט מיט אונז ברידערליך ; דער אוראַלטער רענדאַר

איז געוועהן דער גאנצער שליססעל ביים אוראלטען פריין אין אללע פינאנס און עקאנאמישע אינזיכטען. — ניט וויל דער פריין האט זיך אהן איהם ניט געקענט בעגעהען—שקר; נאר ווייל דער פריין האט איהם אנגענוממען אלס אייגענער, אלס היימעשער, אלס פעיג צו אללער ארט מסחור. — ניט איבער זיין פויגעלדיגען קאפף! נאר איבער זיין פראקטישען בליק — האטש ניט סיסטעהמאטיש — איבער זיין סבלנות און נאכגיביגקייט. — פינ׳ם אמת קענין מיר ניט אוועקגעהען, אז דער יוד (אוועק גענוממען נאר זיין איבריג פראלעריא) איז פראקטיש, אונטערנעהמיג און בעפינדליך אונטער אללע נאציעס, ווארען נויט איז דער בעסטער לעהרער אינ׳ם לעבען! — און דעם יודענס נויט האט איהם קיין מאהל — אין זיין גאנצער לעבענס געשיכטע — ניט געלאזט אפריהען 1 מינוט, אין איינער און דער זעלבער לעבענסווייזע! דאס האט איהם צוגעאייגנעט פיעלע אייגענשאפטען, איינפאללען און ריכטונגען פון דיא אללע פעלקער, אונטער וועלכע דיא נויט האט איהם אלין אריםגעטריבען, און דאס האט איהם אין אלע פאכען דעם לעבענס געמאכט עפיס וויא היימיש, וויא בעקאנט, אזוי, אז קיין נייער לעבענס צושטאנד, איבערראשט איהם ניט, קיין פערגניגען נעמט איהם ניט, און קיין צרה פערצווייפעלט איהם ניט—ווארען ער האט שוין גענוג בייגעוואהנט, אין זיין וואנדערלעבען, אז גליק, אומגליק, פריידען און ליידען זענין בייא איהם נאר איין אונטערגאנג! — אט דיא אלע אומשטאנדע האבען איהם דערצו געבראכט, ער זאל זיין אבגעשמאקט, לאנגווייליג לעבען אונטערהאלטען מיט לופטגעדאנקען, מיט לופט—אפנונגען, מיט פארשטעללונגען און מיט ניט ריהען א מינוט — וויא אזוי עס איז, דערווייל איז ער געוואהרען טהאטיג, שטרעבענד און אונטערנעהמיג — נאר ערענסט, מעלאנכאליש און פערטיעפט אין זיך? . . . געדענקט זשע, אז דיא מין אויסגעארבייטע דורכגעטריבענע בריה איז זיך צונויף געקומען מיט׳ן פאליאק—דאס הייסט: — מיט׳ן קאנטראסט פון זיך, ווארען דיא פאללען, דורך זייער רוהיג, זעלבסטשטאנדיג איינזייטיגעם לעבען, האבען זיך נאך גאר א סך אינטערעסאנטעס, א סך רייץ און גענוס פאר זיך געפינען אינם לעבען! פאר זייא האט זיך דאך דער גאנצער עולם הזה מיט זיינע טאג טייג-

ליכע תענוגים געהאַט אַ גאַנץ גרויסען אינטערעס ! — געזעלשאַפֿטען, באַללער, טעהאַטערען, מאַסקעראַדען, קלובען, קאָרטען, יאַגדען, רייזען, קליידונג ראָמאַנסירען וכדומה — וועלכע ביים יודען איז דאָס אָפּגעלעבט אָבגעשמאַקט — איז ער זיך ערשט דערפֿון נתפעל געוואָרען ; היינט, אַז דער פֿרעהליכער, אויפֿגעלעגטער, פֿאָללעבענדער לופֿטיגער פּאָליאַק האָט דערזעהען דעם ערענסטען, מעלאַנכאָלישען, לוינישען פּאַרטיעפֿטען שטרעבענדען יודען, איז ער זיך כמעט אויסער זיך געוואָרען, וואָרען ער האָט באַלד דעם יודען געשטעללט אין פֿערגלייך מיט זיין אָרימען שליאַכציץ, וועלכער ער וויל אויך — גלייך מיט'ן מאַגנאַט קיין האַנד אין קאַלט וואַסער ניט טוהן, אונ פּראָטענדירט אויף כבוד, לוקסוס אונ פֿרייהייט, אונ דער יוד מיט זיינע עטליכע גילען אונ מיט זיין אַלטען יוחס שטרעבט אונ שוועבט אונ ריהט ניט אַ מינוט!... אָט אַ דיא אַללע ציגע (תנועות) זענין דעם פריץ שטאַרק געפֿעלען. — ער האָט דאָ געפֿינען אַזא מין ערענסטען מענשען, וועלכער, ער וועט זיינע אַללע געשעפֿטען נעממען אין אַרענדע — אַליין וועט ער זיך שוין שלאָגען קאָפּף אין דער וואַנד, אונ איך וועל מיר האָבען אַ ריינעם רע-זולטאַט : געלד! — געניעג שוין פֿאַר מיר האָבען צוטיהן מיט קרייטשמעס, מיהלען, טייכער, וועלדער, גערטנער, שאָאָף, וואָהל, טאַבונעס, פּאַשע, קרענצעס, זאַוואָדען וכדומה! אַיין יוד, צו 2, צו 3, וועלען דאָס אַלעס נעממען אין אַיין האַנד אַריין אונ איך וועל פּאָלוטשען ריינעם דאַחאָד!— אונ אַזוי האָט זיך עס טאַקע ווירקליך געפֿיהרט אַ צייט מיט יאָהרען ! נאָר בהמשך הזמן, האָט דער פּריץ אָנגעהייבען בעמערקען אין איהם עפּיס פֿאַלשקייטען, עפּיס געמיינהייט, עפּיס וויא פּאָדלאָסט (איך מיין אַז דאָס האָבען טאַקע יודען אַליין דעם פּריץ אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף זיך, וואָרען איינער האָט אָנגעהייבען קריכען אויפֿ'ן אַנדערענס פרנסה, אויסדינגען זיך דיא אַרענדעס, דורך דעם האָבען זייא זיך איינס דאָס אַנדערע ביים פריץ פֿאַר מסור'ט, פֿערליימדעט, באַרעדט געשמוצט אונ איהם אַליין געגיבען צו פֿערשטעהען אונ צו קענען לערנען זייער חאַראַקטעריסטיקאַ — אַ דאָ האָט דער פריץ ערשט געעפֿענט דיא אויגען אונ האָט אויף זייא אַ קוק געטוהן טאַקע מיט זייערע אייגענע מיינונגע

וועגען זיך... עס הייסט ער האָט אויף זייא אַ קוק געטוהן וויא עפּיס אויף געלדפּרעסער, נידעריגע, געמיינע האַראַקטערען, וואָס בייא אַללע זייערע פּאַרפּאָלגונגען אונ בידעוועץ, וואָלטען זיך נאָך איינס דאָס אַנדערע צווישען זיך געערען אַנשלינגען פּאַר אַ גראָשען אונ זיך מסור׳ן אויפ׳ן לעבען..) דער פריץ האָט דערזעהען, אַז ער האָט זיך גאָר אין איהם איינגאַנצען אָפּגענאַרט: ער האָט תחלת געמיינט, אַז זיין מעלאַנחאָליע קוועלט אויס פּערצווייפלונג. — זיין ערענסטקייט — אויס תמימות אונ זיין טהאָטיגקייט — אויס קאַמפּף פּיר זיין עקסיסטענץ. — (Борбâ за Существованія) צום סוף האָט זיך געצייגט, אַז ער איז גאָר דערפּאַר מעלאַנחאָליש, ווייל ער איז פּערגיפּטעט.. ער איז ערענסט = ווייל ער איז פּערביססען אונ איז טהאָטיג — ווייל ס׳איז איהם קאַרג דיא וועלט!... אָט דאָס איז דיא אורזאַכע דורך וועלכער דעם פּאָליאַקס שנאה האָט אַזוי אָנגעהייבען זיך צוענטוויקלען אַקייגען יודען אונ דער יוד האָט בייא איהם דעם זיסען טיטול בעקוממען פּאַקטער, מאַשעניק, שאַחריי וכדומה. — נאָר אַזוי וויא אונז — רוססישע יודען — האָט שוין דיא צייט אונ פּערשיעדענע אומשטאַנדע אַ סך אויסגעפּלאָנטעט פון דעם נידעריגען פּאַקטאָרשען צושטאַנד — אונ אַפילו דער בערדיטשעווער יוד האָט שוין כמעט לחלוטין גאָר פּאַרגעסען, וואָססער אַ פנים זיין טאַטע — צו טאַקע ער אַליין — האָט אַ מאָהל געהאַט; לכן, בכדי איהר זאָלט איין אמת — ריכטיגען בעגריף, האָבען אין דעם יעניגען שמוטציגען יודען, וועלכער, ער איז אַ מאָהל דיא גאַנצע אורזאַכע פון דער פּאָלנישער געפּעהרליכער שנאה געוועהן, אונ האָט אונז געקוילעט אויף אייביג. — מוז איך אייך אָפּמאָהלען דעם טיפּ פון אַ יעצטיגען גאַליצער יודען אין דעם נידריגען פּאַקטאָרשען צושטאַנד, וויא זייא שטעהען דאָרט נאָך היינט!... קוקט אין שפּיגעל אַריין, אונ זעהט אייער אַלטען פּאָטרעט... וואַרט אויס אַ ווייל׳ע — לאָם איך מיך אַביסעל׳ע אָפּריהען...



איבער אַ וויכטיגע אורזאכע האָט דער מאמר „דער שקר גוס׳ט“ ניט געקענט קוממען אין דעם העפט
המחבר.

# פֿערטיידיגונג

איבער דיא ימים טובים האָט דאָס צווייטע העפֿט באין אופֿן ניט געקענט ערשיינען ביז יעצט, וויל נאָר יודישע זעטצער מוזען אַרבייטען א יודיש ווערק. — אויך איבער דיא לעצטע אונרוהיגקייטען איז אונמאָגליך געוועהן דאָס ווערק אין דער צייט צודרוקקען — וייטער וועלען געוויסס דיא העפֿטע געהען רעגעלמאָסיג — כדבעי —

# מודעה

אין גיכען פֿאַרלעג איך צום דרוקקען מיין פּראַקטי־שען-פאלקס-קאלענדאר אויף תרל"ה אין דעם בעין פֿאַרמאַט, מיט גאָר נייע אַרטיקלען אונ אַ סך קונצ־ליכע אַנעקדאָטען. — ווער פֿון מוכרי ספֿרים, סקלאַדטשי־קעס אונ פאַקען-טרייגער פֿערלאַנגט איהם צוהאָבען, זאָל בייא מיר באַצייטענס, מיט אַ קליינעם אָדאָריף באַשטע־לען אַ געויסען סכום (ניט וויניגער פֿון 100 שטיק) פּרייז אָהן פּאָרטע, 8 קאָפּ׳ — מיט פּאָרטע 10 קאָפּ׳— לאַחדים 12 קאָפּ׳.—אויפֿ׳ן אָדאָריף-געלד וועל איך שיקען אַ רוססישע קבלה. — ליניעצקי.

## משנה מקום

אנשטאט מיין פריהריגען אדרעסס זאלען זיך יעצט אללע צוא מיר ווענדען אויף פאלגענדע אדרעססע :

**И. О. ЛИНЕЦКОМУ**

**на Успенской ул. домъ Абраса № 43**

**въ ОДЕССѢ.**